


# שטערן

ליטעראריש־
קינסטלערישער
און פּאָליטיש־
וויסנשאַפטלעכער
כ ו י ד ע ש־
זשורנאַל

1

מינסק — 1939





# XV יאָר

## זינט עס איז געשטאָרבנ דער געניאַלער פירער

# וולאדימיר איליטש לענינ




פלאַקאַט פונעם קינסטלער אי. סאָדזע.

פראָלעטאריער פונ אלע לענדער, פאראייניקט זיכ!

# שטערנ

№ 1 פופצנטער יאָרגאנג 1939 יאנואר

אָרגאנ פונ פארבאנד סאָוועטישע שרײַבער פונ ווססר

## דער טריומפ פונ די אידייענ פונ מארקסיזמ-לעניניזמ

מיט פופצנ יאָר צוריק איז געשטאָרבנ וולאדימיר איליטש לענינ. עס האָט אופגעהערט צו דענקענ דער געניאַלסטער מענטש פונ אלע עפּאָכעס אונ פעלקער, עס האָט אופגעהערט צו שלאָגנ דאָס הארצ פונעמ גרעסטנ רעוואָליוציאָנער אינ דער געשיכטע פונ דער מענטשהײַט.

לענינס נאָמענ איז די פאָנ, אונטער וועלכער דער ארבעטער־קלאס פונ דער גאנצער וועלט פירט א קאמפ פארנ זיג פונ דער פראָלעטארישער רעוואָליוציע, לענינס נאָמענ איז די זיגרײַכע פאָנ פונ קאָמוניזמ, אונטער וועלכער עס האָבנ זיכ געשלאָגנ די ארבעטנדיקע פונ פססר אונ האָבנ באזיגט די בורזשואזיע, די פריצימ, די אויסלענדישע אינטערווענטנ אונ אלע זייערע מיטהעלפער פונ דער פאשיסטיש־טראָצקיסטיש־בוכארינישער שמוצ.

לענינ איז דער געני פונ דער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, דער געני פונ קאָמוניזמ.

לענינס טויט איז געווענ דער גרעסטער צאר פארנ גאנצנ צווישנפעלקערלעכנ פראָלעטאריאט, פאר די ארבעטנדיקע, אונטערדריקטע אונ אומגליקלעכע פונ דער גאנצער וועלט.

דער ארבעטער־קלאס האָט נאָכ ענגער זיכ באהעפט ארומ דער פארטיי פונ לענינ־סטאלינ. די ארבעטער האָבנ אַנגעהויבנ מאסנווײַז דערלאנגענ מעלדונגענ וועגנ ארײַנטרעטנ אינ פארטיי. עס איז דורכגעפירט געוואָרנ דער לענינישער פריזיוו. אינ פארטיי האָבנ זיכ ארײַנגעגאָסנ ארומ 250 טויזנט אמערסטנ דיסציפּלינירטע, באוווסטזיניקע אונ רעוואָליוציאָנערע ארבעטער. די פארטיי איז געוואָרנ נאָכ שטארקער. נאָכ מערער איז אויסגעוואָקסנ איר מעכטיקײַט. נאָכ מערער האָבנ זיכ פארפעסטיקט אירע פארבינדונגענ מיט די מאסנ. לענינ האָט איבערגעלאָזנ דער פארטיי אנ אומאָפּשאצבארע ירושע: ער האָט אונדז איבערגעלאָזנ זײַנ לערע—דעמ לעניניזמ; ער האָט אונדז איבערגעלאָזנ די פארטיי, וואָס ער האָט געשאפנ אונ דערצויגנ—די קאָמוניסטישע פארטיי באָלשעוויקעס; ער האָט אונדז איבערגעלאָזנ די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט—די סאָוועטישע מעלוכע, וואָס איז דעראָבערט געוואָרנ אונטער זײַנ אָנפירונג אונ וואָס איז דורכ אימ אָרגאניזירט געוואָרנ; ער האָט אונדז איבערגע־

לֿאָזנ קאַדרענ באָלֿשעוויקעס אָנפירער, וואָס ער האָט דערצויגנ, ווירדיקע זינ פונ דער גרויסער פּאַרטיי, א ווירדיקנ אומבײַט אינדערשפּיצ מיטנ כאַווער סטאַלֿינ.

דער כאַווער סטאַלֿינ האָט אפנ II אַלֿפאַרבאַנדישנ סאָוועטנ־צוזאַמענפאָר, אינ די לֿענינישע טרויער־טעג, געגעבנ א שווּע אינ נאָמענ פונ דער פּאַרטיי, אז די געבאָטנ, וואָס לֿענינ האָט איבערגעלֿאָזנ, וועלֿנ אויסגעפּילֿט ווערנ.

כאַווער סטאַלֿינ האָט געזאָגט:

„ס'איז ניטאָ קיינ העכערע זאַכ, ווי דער נאָמענ מיטגלֿיד פונ דער פּאַרטיי, וואָס איר גרינדער אונ אָנפירער איז דער כאַווער לֿענינ...

אַוועקגייענדיק פונ אונדז, האָט דער כאַווער לֿענינ פאַרזאָגט אונדז האַלֿטנ הייכ אונ אָפּהיטנ אינ ריינקײַט דעמ גרויסנ נאָמענ פּאַרטיי-מיטגלֿיד. מיר שווערנ דיר, כאַווער לֿענינ, אז מיר וועלֿנ מיט ערע אויספּילֿנ דעמ דאָזיקנ געבאָט דײַנעמ!..

אַוועקגייענדיק פונ אונדז, האָט דער כאַווער לֿענינ פאַרזאָגט אונדז אָפּהיטנ די איינהײַט פונ אונדזער פּאַרטיי, ווי דאָס שוואַרצאַפּלֿ פונ אויג. מיר שווערנ דיר, כאַווער לֿענינ, אז מיר וועלֿנ מיט ערע אויספּילֿנ אויכ דעמ דאָזיקנ געבאָט דײַנעמ!“

פאַר די פופצנ יאָר, וואָס זײַנענ דורכגעגאַנגענ נאָכ לֿענינס טויט, האָט אונדזער פּאַרטיי, אונטער דער אָנפירונג פונעמ כאַווער סטאַלֿינ, מיט ערע געהאַלֿטנ איר וואָרט, וואָס זי האָט געגעבנ לֿענינענ, זי האָט אויסגעפּילֿט דעמ געבאָט פונעמ גרינדער אונ לֿערער פונ דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

אונדזער פּאַרטיי האָט זיכ פאַר די דאָזיקע יאָרנ אפ אסאַכ פאַרגרעסערט אינ צאָלֿ. זי האָט זיכ פאַרוואַנדלֿט אינ א צוויי־מיליאָניקער אַרמיי באָלֿשעוויקעס־לֿענינצעס. די פּאַרטיי האָט אַרײַנגענומענ אינ זיכ אַלֿע סאַמע בעסטע, סאַמע פאָרגעשריטענע, סאַמע איבערגעגעבענע דער זאַכ פונ סאָציִאַלֿיזמ קויכעס פונ סאָוועטישנ פאָלֿק. זי האָט, ווי קיינמאָלֿ, פאַרפעסטיקט אירע רייענ, האָט דערצויגנ אירע מיטגלֿידער אינ גײַסט פונ איבערגעגעבנקײַט דעמ אַרבעטער־קלֿאַס אונ דער לֿערע פונ לֿענינ־סטאַלֿינ, זי האָט פאַרפעסטיקט די אײַזערנע באָלֿשעוויסטישע דיסציפּלֿינ. די פּאַרטיי האָט אָפּגערייניקט אירע רייענ פונ די עלֿעמענטנ, וואָס האָבנ זיכ צעלֿייגט פּאָלֿיטיש אונ מאָראַלֿיש, זי האָט אַרויסגעטריבנ פונ אירע רייענ די צווייפּענעמדיקע, די נידערטרעכטיקע פאַררעטער פונ סאָציִאַלֿיזמ: די טראָצקיסטנ, בוכאַרינצעס, זינאָוויעווצעס, דיקאָוצעס, די בורזשואַזע נאַציִאָנאַלֿיסטנ אונ אַנדערע מענוּוואַלֿימ, וואָס האָבנ זיכ פאַרקויפט צו די פאַשיסטישע אויסשפּירונגענ, זי האָט צעגראָמירט די נידערטרעכטיקע פאַרשווערער, וואָס האָבנ געפּרוּווט אופרײַסנ אונדזער לֿאַנד פונ איינווייניק אונ עפענענ אונדזערע גרענעצנ פאַר די אימפּעריִאַלֿיסטישע אַרמייענ מיטנ צילֿ צו רעסטאַווּרירנ דעמ קאַפּיטאַלֿיזמ אינ פּססר.

אונדזער פּאַרטיי איז אויסגעוואָקסנ אידייִש. די פּאַרטיי־מיטגלֿידער האָבנ אקשאָנעסדיק געאַרבעט איבערנ באַהערשנ די גרויסע אידייענ פונ מאַרקסיזמ־לֿענינִיזמ.

אומאָפּשאַצבאַרע הילֿפ האָבנ דער פּאַרטיי אינ דעמ זינ געגעבנ די ווערק פונ כאַווער סטאַלֿינ.

די אַרבעט פונ דער פּאַרטיי אפ אידייִש דערציִענ אירע מיטגלֿידער איז באַקרוינט געוואָרנ מיטנ מערקווירדיקנ ווערק—מיטנ „קורצנ קורס געשיכטע פונ

אלקפ(ב)״, דער דאָזיקער ענציקלאָפעדיע פון די גרונט־קענטענישן פון מארקסיזם־לעניניזם. דער „קורצער קורס געשיכטע פון אלקפ(ב)״ איז א נייַער בייַטראָג אינעם אוצער פון מארקסיזם־לעניניזם; אין אים איז אויסגעלייגט און פאראלגעמיינערט די גיגאנטישע היסטאָרישע דערפארונג פון דער קאָמוניסטישער פארטיי.

די פארטיי פון לענין־סטאלין איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אידייִש אזוי פארהארטעוועט ווי איצט. אונדזער פארטיי איז נאָך קיינמאָל ניט געווען אזוי שטארק אָרגאניזאציאָנעל, ווי איצט. די אייַזערנע באָלשעוויסטישע דיסציפלין אין די רייען פון אונדזער פארטיי איז נאָך קיינמאָל ניט געשטאנען אזוי הויך ווי בא דער איצטיקער צייַט.

די פארבינדונג פון דער פארטיי מיטן פאָלק בא דער איצטיקער צייַט איז א מער ענגע און ניט געוואקלטע, ווי ווען עס איז. דער גרויסער נאָמען פארטיי־מיטגליד איז אָפגעהיט געוואָרן אין רייַנקייַט און איז אופגעהויבן געוואָרן נאָך העכער! ס'איז ניטאָ יענע קראפט אין דער וועלט, וואָס וואָלט געקאָנט פאנאנדערוואקלען די אייַנהייַט פון דער באָלשעוויסטישער פארטיי און אָפשוואכן די מעכטיקייַט פון אונדזערע רייען.

לענין האָט אונדז פארזאָגט אָפהיטן אין רייַנקייַט דעם גרויסן נאָמען פארטיי־מיטגליד און, ווי דאָס שווארצאפל פון אויג, אָפהיטן די אייַנהייַט פון אונדזער פארטיי. די סטאלינישע שווּע—אויספילן די דאָזיקע געבאָטן לענינס—היט אָפ אונדזער פארטיי הייליק. אונטער דער אָנפירונג פונעם כאווער סטאלין האָט די פארטיי באָלשעוויקעס מיט ערע אויסגעפילט די פארפליכטונגען, וואָס זייַנען גענומען געוואָרן פאר לענינען.

„אוועקגייענדיק פון אונדז, האָט אונדז דער כאווער לענין פארזאָגט אָפהיטן און פארפעסטיקן די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט. מיר שווערן דיר, כאווער לענין, אז מיר וועלן ניט שאנעווען אונדזערע קויכעס, קעדיי צו אויספילן מיט ערע אויך דעם דאָזיקן געבאָט דייַנעם!״ (ס ט א ל י נ).

די דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט—דאָס איז די גרונט־פראגע אין דער לערע פון מארקסיזם־לעניניזם, די גרונט־פּראָבלעם פון דער פּראָלעטארישער רעוואָליוציע.

די אופגאבע פון דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט איז, ווי עס לערנען לענין און סטאלין, צעברעכן דעם ווידערשטאנד פון די עקספלואטאטאָרישע קלאסן, אויסבויען די סאָציאליסטישע עקאָנאָמיק, שאפן א מעכטיקע רויטע ארמיי אפ צו פארטיידיקן די דעראָבערונגען פון דער סאָציאליסטישער רעוואָליוציע.

דער ארבעטער־קלאס קען בלויז דורך דער דיקטאטור פון פּראָלעטאריאט צערעכענען זיך ביזן סאָף מיט אלע עקספלואטאטאָרישע קלאסן, מיט אלע סאָנים פון סאָציאליזם.

די פארניכטונג פון די עקספלואטאטאָרישע קלאסן איז א פּראָצעס, ווי עס האָט דערוויזן די דערפארונג פון ססר, א דויערנדיקער, ער פארנעמט א גאנצע היסטאָרישע עפּאָכע. קעדיי צו פארניכטן די קלאסן, איז נייטיק געווען ארויסצושטויסן די קאפיטאליסטישע עלעמענטן פון אלע ספערן פון דער עקאָנאָמישער טעטיקייַט: פון דער אינדוסטריע, פון דער לאנדווירטשאפט, פון האנדל. דאָס פארניכטן די

עקספלואטאטאָרישע קלאסנ אונ דאָס אויסבויענ די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט קומענ פאָר אינ הארבנ קלאסנקאמפ.

די לעצטע יאָרנ האָבנ באוויזנ, אז אינ קאמפ קעגנ דער סאָוועטנמאכט לאָזנ די סאָנים אינ גאנג אלצ: צווייפענעמדיקײַט, שפּיאָנאזש, שעדיקערײַ, דיווערסיעס.

קעדיי צו דעמאסקירנ אונ צעקלאפנ ביז לעצט די סאָנים פונ סאָציאַליזמ, דארפ די דיקטאטור פונעמ ארבעטער־קלאס פארפעסטיקנ אלע אירע אָרגאנענ: דעמ סאָוועטישנ אפּאראט, די אויסשפּיר־אָרגאנענ, די אָרגאנענ פונ געריכט אונ פּראָקוראטור.

אינ די יאָרנ נאָכ לענינס טויט האָט אונדזער פּארטיי אונטער דער אָנפירונג פונ כאווער סטאלינ אָפּגעטאָנ אנ ארבעט פונ א גוואלדיקער היסטאָרישער באדײַטונג אפ צו פארפעסטיקנ די סאָוועטישע סאָציאַליסטישע מעלוכע. די פּארטיי אונ די סאָוועטישע מעלוכע האָבנ פאנאנדערגעוויקלט א בעעמעס טיטאנישע ארבעט אפ צו שאפנ א מעכטיקע סאָציאַליסטישע אינדוסטריע.

דער כאווער סטאלינ האָט אנטוויקלט די לענינישע לערע וועגנ דער סאָציאַליסטישער אינדוסטריאַליזאציע. ער האָט פאנאנדערגעארבעט א קאָנקרעטנ פּלאנ פונ שאפנ א מעכטיקע אינדוסטריע, א פּלאנ פונ פארוואנדלענ אונדזער לאנד פונ אנ אָפּגעשטאנענער, אגרארער אינ א פאָרגעשריטענער, אינדוסטריעלער מעלוכע.

די סאָנימ פונ סאָציאַליזמ—די טראָצקיסטנ אונ בוכארינצעס—זײַנענ אוועק אינ אטאקע קעגנ דער לעניניש־סטאלינישער פּאָליטיק פונ אונדזער פּארטיי. דאָס מאָל האָבנ די סאָנימ באשלאָסנ אומוואַרפנ אינ וואָרצל, אינ גרונט די לענינישע לערע וועגנ סאָציאַליזמ. דער גרונט־פּונקט, וועלכנ די סאָנימ האָבנ אויסגעקליבנ, קעדיי צו אָנפאלנ אפ דער פּארטיי, איז געווענ די לערע וועגנ דער מעגלעכקײַט פונעמ זיג פונ סאָציאַליזמ אינ איינ לאנד, וואָס עס האָט געשאפנ לענינ אונ עס האָט אנטוויקלט דער כאווער סטאלינ.

די פּארטיי האָט אונטער דער אָנפירונג פונעמ כאווער סטאלינ אָנגעמערקט א גראנדיעזנ פּלאנ פונ אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ אינ פססר.

דער כאווער סטאלינ האָט אינעמ קאמפ קעגנ די טראָצקיסטיש־בוכארינישע רעסטאווראטאָרנ פונ קאפּיטאליזמ גלענצנדיק אונ אלזײַטיק אנטוויקלט די לענינישע לערע וועגנ דעמ זיג פונעמ סאָציאַליזמ אינ איינ לאנד. די סאָנימ זײַנענ צעקלאפט געוואָרנ איבערנ קאָפּ. די מארקסיסטיש־לענינישע לערע וועגנ סאָציאַליזמ האָט טריומפירט. די פּארטיי האָט אלע אירע קויכעס געוואָרפנ אפ פּראקטיש פארווירקלעכנ דעמ גרויסנ פּלאנ.

געשאפנ אנ אייגענע אינדוסטריע, האָט די פּארטיי פארווירקלעכט די פולשטענדיקע רעקאָנסטרוקציע פונ דער גאנצער פאָלקסווירטשאפט.

די דיקטאטור פונעמ ארבעטער־קלאס האָט דערגרייכט אזא קראפט, וואָס אזא האָט זי נאָכ קיינמאָל ניט געהאט.

די גרויסע פאָרויסזעונג לענינס וועגנ דער מעגלעכקײַט צו אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ אינ אונדזער לאנד האָט זיכ פולשטענדיק באוואָרהײט. דער סאָציאַליזמ האָט געזיגט סײַ אינ דער אינדוסטריע, סײַ אינ דער לאנדווירטשאפט. אינ פססר זײַנענ פולשטענדיק פארווירקלעכט געוואָרנ די סאָציאַליסטישע פּרינציפּנ: פונ יעדערנ

לויט זײַנע פײַקײַטנ, יעדערנ לויט זײַנ ארבעט; דער, וואָס ארבעט ניט, זאָל ניט עסנ. דער טריומפ פונ סאָציִאליזמ האָט געפונענ זײַנ אָפּשפיגלונג אינ דער סטאלינישער קאָנסטיטוציע. די קאָנסטיטוציע פונ פססר איז א דאָקומענט, וואָס שפיגלט אָפּ דעמ פולשטענדיקנ זיג פונעמ סאָציִאליזמ אינ פססר.

פססר איז ארײַנ אינ א נײַעמ פעריִאָד פונ זײַנ אנטוויקלונג—אינעמ פעריִאָד פונ פארענדיקנ בויענ דעמ סאָציִאליזמ און פונ ביסלעכווײַז אריבערגײַנ צו דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט, ווו דער הערשנדיקער פרינציפּ דארפ זײַנ: פונ יעדערנ לויט זײַנע פײַקײַטנ, יעדערנ לויט זײַנע באדערפענישנ.

די שווּע, וואָס עס האָט געגעבנ לענינענ דער כאוועד סטאלינ אינ נאָמענ פונ דער פארטײ—אָפּהיטנ און פארפעסטיקנ די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט,—האָט די פארטײ אונטער דער אָנפירונג פונעמ כאוועד סטאלינ אָפּגעהיט הײליק. די פארטײ האָט אויסגעפילט לענינס געבאָט. די דיקטאטור פונ פראָלעטאריאט—די סאָציִאליסטישע מעלוכע—איז איצט מעכטיק ווי קײנמאָל ניט.

„אוועקגײענדיק פונ אונדז, האָט אונדז דער כאוועד לענינ פארזאָגט פעסטיקנ מיט אלע קויכעס דעמ פארבאנד פונ די ארבעטער און פויערימ. מיר שווערנ דיר, כאוועד לענינ, אז מיר וועלנ מיט ערע אויספילנ אויכ דעמ דאָזיקנ געבאָט דײַנעמ!" (סטאלינ).

די יאָרנ פונעמ קאמפ פונ אונדזער פארטײ אפ איבערגעשטאלטנ די אינדיווידועלע פויערישע ווירטשאפט אינ א סאָציִאליסטישער שטעלנ מיט זיכ פאָר א ווירקלעכ העראָישע עפּאָכע. פונ 1924 יאָר אָנ, ווענ ס'איז געשטאָרבנ לענינ, האָט די פארטײ אומאָפּנויגבאר געקעמפט פאר דורכפירנ אינ לעבנ זײַנ געבאָט וועגנ קאָאָפּערירנ די לאנדווירטשאפט, וועגנ פארפעסטיקנ דעמ פארבאנד פונעמ ארבעטער־קלאס מיטנ פויערטומ.

סאָ 1927 יאָר, אפנ XV פארטײ־צוזאמענפאָר, האָט דער כאוועד סטאלינ פאנאנדערגעוויקלט דעמ געניִאלנ פלאנ פונ פארווירקלעכנ אינ לעבנ לענינס געבאָט וועגנ קאָאָפּערירנ די לאנדווירטשאפט. די אויפגאבע צו פארײניקנ די אָפּגעזונדערטע פויערישע ווירטשאפטנ אינ גרויסע, סאָציִאליסטישע ווירטשאפטנ איז אוועקגעשטעלט געוואָרנ אלס פראקטישע און וויכטיקסטע ארבעט, מיט וועלכער די פארטײ דארפ זיכ פארנעמענ מאָנטעגלעכ.

קעגנ דער לענינִישער פראָגראמ פונ איבערגעשטאלטנ די פויערישע ווירטשאפט אינ א סאָציִאליסטישער זײַנענ מיט אלע קויכעס אופגעשטאנענ דאָס באלעגופנטומ און זײַנע באשיצער און פארטײדיקער—די בוכארינצעס. די בוכארינצעס האָבנ צוזאמענ מיט די טראָצקיסטנ אָנגעהויבנ אנ אטאקע אפ דער פארטײ. זײ האָבנ געפאָדערט אָנשטאָט דער קאָלעקטיוויזאציע עפענענ אינ דאָרפ א וועג פארנ וווּקס פונ דער קאפּיטאליסטישער, באלעגופישער ווירטשאפט.

דער וועג, וואָס עס האָבנ פאָרגעלײגט די רעסטאווראטאָרנ פונ קאפּיטאליזמ, האָט באטײַט פולשטענדיקע קאפּיטולאציע פארנ באלעגופנטומ, צעווּיִגירונג פונ דער אָרעמשאפט און פונעמ מיטעלנ פויערטומ, צעווּיִגירונג פונעמ ארבעטער־קלאס, פולשטענדיקע רעסטאווראציע פונעמ קאפּיטאליזמ. דאָס וואָלט באטײַט די צעיושעטקײַט פונ דער באלעגופישער קאָנטר־רעוואָליוציע און די פארוואנדלונג פונ

אונדזער לאנד אינ א האלב־קאָלאָניע, ווײַל דאָס לאנד, וואָס איז אָפּגעשוואכט דורכ דער אינערלעכער קאָנטער־רעוואָליוציע, וואָלטנ טייקעפּ אונטערטעניקט די ארומיקע רויבערישע קאפּיטאליסטישע מעלוכעס.

די פּארטיי אונטער דער אָנפירונג פונעמ כאווער סטאלינ האָט צעקלאפּט ביז לעצט די רעסטאווראטאָרנ פונ קאפּיטאליזמ. דער כאווער סטאלינ האָט אינ קאמפּ קעגנ די נידערטרעכטיקע סאָנימ פונ פאָלק—די בוכארינצעס אונ טראָצקיסטנ—פּארטיידיקט אונ אנטוויקלט די לענינישע טעאָריע פונ איבערגעשטאלטנ די פּויערישע ווירטשאפט דורכ דער קאָאָפּעראציע אינ א סאָציִאליסטישער ווירטשאפט אונ האָט געשאפנ די הארמאָנישע אונ גרויסע לערע וועגנ די קאָנקרעטע וועגנ די פונ אויסבויען דעמ סאָציִאליזמ אינ דער לאנדווירטשאפט.

אינ פארלויפ פונ 6־5 יאָר האָבנ די פּארטיי אונ די רעגירונג געשאפנ אינ דאָרפ נײַע פּראָדוקטיווע קויכעס, האָבנ באוואָפנט דאָס דאָרפ מיט א נײַער טעכניק. דאָס האָט געבראכט צו דעמ, וואָס אינ די קאָלווירטנ זײַנענ געשאפנ געוואָרנ נײַע פּראָדוציר־באציִונגענ, עס האָבנ זיכ שארפ געענדערט די באציִונגענ צווישנ די מענטשנ אינ פארגלײַכ מיט דעמ, ווענ עס האָט געהערשט די אינדיווידועלע ווירטשאפט.

דער פארבאנד פונעמ ארבעטער־קלאס מיטנ פּויערטומ איז געוואָרנ אזוי פעסט אונ ניט געוואקלט, וואָס אזא איז ער נאָכ קיינמאָל ביז איצט ניט געווענ. די אונטערשיידנ, וואָס האָבנ זיכ נאָכ פארהיט צווישנ זיי, ווערנ אָפּגעווישט, די גרענעצנ צווישנ די ארבעטער אונ די פּויערימ פאלנ אָפּ. די ארבעטער אונ פּויערימ זײַנענ געוואָרנ האָרעפּאשניקעס פונ דער סאָציִאליסטישער ווירטשאפט פונ שטאָט אונ דאָרפ.

די שווע, וועלכע דער כאווער סטאלינ האָט געגעבנ לענינענ אינ נאָמענ פונ דער פּארטיי—פארפעסטיקנ מיט אלע קויכעס דעמ פארבאנד פונ די ארבעטער אונ פּויערימ,—האָט די פּארטיי אָפּגעהיט הייליק. לענינס געבאָט איז אויסגעפילט געוואָרנ מיט ערע.

„אוועקגייענדיק פונ אונדז, האָט דער כאווער לענינ פארזאָגט אונדז פארפעסטיקנ אונ פארברייטערנ דעמ פארבאנד פונ די רעפּובליקנ. מיר שווערנ דיר, כאווער לענינ, אז מיר וועלנ אויספילנ מיט ערע אויכ דעמ דאָזיקנ געבאָט דײַנעמ!“ (סטאלינ).

דער פארבאנד סאָוועטישע סאָציִאליסטישע רעפּובליקנ איז פאר די פופצנ יאָר נאָכ לענינס טויט אויסגעוואקסנ אינ א ניט געוואקלטער קראפט. די סאָוועטישע רעפּובליקנ, וואָס גייענ ארײַנ אינ פססר, זײַנענ פאר די דאָזיקע יאָרנ פארוואנדלט געוואָרנ אינ מעכטיקע, בליִענדיקע רעפּובליקנ.

. די לעניניש־סטאלינישע נאציִאָנאלע פּאָליטיק אינ פססר האָט געפונענ איר גלענצנדיקע באשטעטיקונג אלס איינציק ריכטיקע פּאָליטיק. די דאָזיקע פּאָליטיק, וואָס ווערט פארווירקלעכט אינ פססר, איז א מוסטער פאר אלע פעלקער.

אלס קעגנזאצ צו די לענדער די בורזשואזע, באזונדערס די פאשיסטישע, ווו די נאציִאָנאלע אונ ראסנ־אונטערשיידנ ווערנ פאנאנדערגעצונדנ אינ א כאיִשער, קאניבאלישער, מענטשנ־האס־מילכאָמע,—זײַנענ אינ פססר, ווו ס'איז פאראנ ביז 100 פארשיידענע נאציִאָנאליטעטנ, דערגרייכט געוואָרנ א ברידערלעכע מיטארבעט,

א קעגנזײַטיקער צוטרוי, פּאָליטישע גלײַכהײַט און די אנטוויקלונג פונ די טאַלאַנטנ און פייִקײַטנ פונ אלע נאציאָנאַליטעטנ. די סאָציאַליסטישע קולטור האָט אָפּגעהאַלטנ די גרעסטע זיגנ. די דערגרייכטע רעזולטאטנ זײַנענ בלויז דער אויסגאַנג־פּונקט פאר א נאָכ מער מעכטיקער אנטוויקלונג פונעם פילמיליאָניקנ און פילנאציאָנאַלנ פאָלק פונעם לאַנד פונ סאָציאַליזם.

לענינס געבאָט—„פארפעסטיקנ און פארברייטערנ דעם פארבאַנד פונ די רעפּובליקנ"—און די שווּע, וואָס דער כאַווער סטאַלינ האָט געגעבנ אינ נאָמענ פונ דער פארטיי, זײַנענ אָפּגעהיט געוואָרנ הייליק און ווערנ אויסגעפילט מיט ערע.

„לענינ האָט אונדז ניט איינ מאָל אָנגעוויזנ, אז דאָס פארפעסטיקנ די רויטע ארמיי און פארבעסערנ איר צושטאַנד איז איינע פונ די וויכטיקסטע אויפגאַבעס פונ אונדזער פארטיי... לאָמיר זשע שווערנ, כאַווײרים, אז מיר וועלנ ניט שאַנעווענ די קריכעס פאר דעם, אפּ צו פארפעסטיקנ אונדזער רויטע ארמיי, אונדזער רויטנ פלאָט" (סטאַלינ).

די פראַגע וועגנ די באוואָפנטע קויכעס פונ דער דיקטאַטור פונ פּראָלעטאַריאַט איז איינע פונ די סאַמע וויכטיקע, ווײַל אונדזער לאַנד געפינט זיכ אינ א קאַפּיטאַליסטישער ארומרינגלונג. די אידעאָלאָגנ און די רעגירער פונ די בורזשואַזע מעלוכעס ווייסנ, אז דער סאָציאַליזם איז א סוינע אינ ביינ דעם קאַפּיטאַליזם. זיי ווייסנ, אז דער קאַמפּ צווישנ זיי איז אומפארמײַדלעכ. דעריבער גרייטנ זיכ די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס, באַזונדערס יענע, ווו בא דער מאַכט געפינט זיכ די צעיושעטע קאַפּיטאַליסטישע בורזשואַזיע—דער פאַשיזם,—יעדער שאָ און יעדנ טאָג צו גיינ מיט א מילכאָמע אפּנ סססר.

די צילנ פונ צוגרייטנ א מילכאָמע דינענ אלע אינערלעכע קרעפטנ פונ די בורזשואַזע מעלוכעס, די גאַנצע מעכטיקע הײַנטצײַטיקע טעכניק און אינדוסטריע. קעדיי אנטקעגנשטעלנ זיכ די בורזשואַזע ארמייענ, קעדיי צעקלאַפּנ יעטווידער אגרעסאָר און יעטווידער מעגלעכע פארייניקונג פונ די קויכעס פונ די אגרעסאָרנ, פאָדערט זיכ א מעכטיקע מיליטערישע קראַפט.

דעריבער טאַקע שענקענ שטענדיק אונדזער פארטיי און די רעגירונג אנ אויסשליסלעכע אויפמערקזאַמקײַט דעם פארפעסטיקנ די מיליטערישע מעכטיקײַט פונ דער סאָוועטישער מעלוכע.

אינ די הײַנטצײַטיקע באַדינגונגענ וועלנ קענענ אנטקעגנשטעלנ זיכ די ארמייענ פונ די בורזשואַזע מעלוכעס נאָר די שטענדיקע רויטע ארמיי און רויטער פלאָט. דעריבער רעכנט טאַקע אונדזער פארטיי, אז די רויטע ארמיי וועט פארהיט ווערנ אלס שטענדיקע ארמיי, קאָלזמאַנ עס וועט ניט פארניכטעט ווערנ די קאַפּיטאַליסטישע ארומרינגלונג, און דאָס וועט פאָרקומענ בלויז דאַנ, ווענ אינ אלע לענדער וועלנ פאָרקומענ פּראָלעטאַרישע רעוואָלוציעס און דער ארבעטער־קלאַס וועט אומעטום קומענ צו דער מאַכט.

די רויטע ארמיי, אלס באַוואָפנטע קראַפט פונ סאָציאַליזם, וועט אינ פאַל פונ אנ אָנפאַל אפּ אונדז זיכ סטאַרענ שלאָגנ דעם סוינע אפּ זײַנ אייגענער טעריטאָריע, דאָס הייסט, זי וועט פירנ אזא מילכאָמע, וואָס זאָל ברענגענ צום ארויפוואַרפנ די בורזשואַזע רעגירונגענ, וואָס וועלנ אָנפאַלנ אפּ אונדז. די פּראָלעטאַריער פונ יענע

לענדער, וואָס זייערע רעגירונגענ וועלנ אפ אונדז אָנפאלנ, וועט די רויטע ארמיי העלפנ מיט אלע מיטלענ, אז דער ארבעטער־קלאס זאָל קומענ צו דער מאכט. פאר אונדז איז נייטיק א רויטע ארמיי, וואָס זאָל זײַנ שטארקער פונ דער ארמיי פונ יעטווידער בורזשואזער מעלוכע אונ פונ דער מעגלעכער פארייניקונג פונ די ארמייענ פונ א ריי בורזשואזע מעלוכעס. די פארטיי אונ די סאָוועטישע רעגירונג האָבנ געשאפנ אזא ארמיי, וואָס אנטשפרעכט אָט די אלע פאָדערונגענ.

אונדזער רויטע ארמיי, אונדזער רויטער פלאָט זײַנענ א מעכטיקע מיליטערישע קראפט. זיי זײַנענ אויסגעשטאט מיט אנ ערשטקלאסיקער מיליטערישער טעכניק פונ אלע מינימ: מיט אוויאציע, טאנקענ, ארטילעריע, כימיע.

דאָס סאָוועטישע פאָלק האָט ליב אונ כאָוועט אונדזער העלדנמוטיקע רויטע ארמיי. די וועלט האָט נאָכ ניט געוווּסט פונ אזא איינהײַט פונ דער ארמיי מיטנ פאָלק. אונדזער אויפגאבע איז—אויכ אפ ווײַטער מיט אלע מיטלענ פעסטיקנ די מיליטערישע מעכטיקײַט, קעדיי צו פארוואנדלענ די רויטע ארמיי אינ אזא קראפט, וואָס זאָל אינעמ קירצסטנ טערמינ קענענ צעברעכנ די מיליטערישע קראפט פונ די בורזשואזע מעלוכעס אונ באשיצנ די אומאָפהענגיקײַט פונ אונדזער היימלאנד. לענינס געבאָט—פארפעסטיקנ אונדזער רויטע ארמיי אונ דעמ רויטנ פלאָט,—סטאלינס שוווע—אויספילנ דעמ דאָזיקנ געבאָט—האָט אונדזער פארטיי אָפגעהיט הייליק אונ האָט זי מיט ערע אויסגעפילט.

„אוועקגייענדיק פונ אונדז, האָט אונדז דער כאווער לענינ פארזאָגט זײַנ טרײַ די פרינציפנ פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל. מיר שווערנ דיר, כאווער לענינ, אז מיר וועלנ ניט שאנעווענ אונדזער לעבנ אפ צו פארפעסטיקנ אונ פארברייטערנ דעמ פארבאנד פונ די ארבעטנדיקע פונ דער גאנצער וועלט—דעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל!" (סטאלינ).

דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל פארייניקט אלע בעסטע שלאכט־קרעפטנ פונעמ צווישנפעלקערלעכנ פראָלעטאריאט.

דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל איז דער אוואנגארד, דער פאָדערשטער אָטריאד פונעמ צווישנפעלקערלעכנ פראָלעטאריאט.

די אלקפ(ב) איז די פירנדיקע פארטיי פונעמ קאָמוניסטישנ אינטערנאציאָנאל.

די אלקפ(ב) איז א טייל פונ דער רוממפולער ארמיי פונעמ צווישנפעלקערלעכנ פראָלעטאריאט, וועלכע פירט א קאמפ קעגנ דער גאנצער בורזשואזער וועלט, קעגנ אירע סאמע צעווילדעוועטע פאָרשטייער—די פאשיסטנ.

די אלקפ(ב) האָט קיינמאָל ניט פארגעסנ אירע צווישנפעלקערלעכע פרינציפנ אונ פליכטנ. אונדזער פארטיי, וואָס איז דערצויגנ געוואָרנ דורכ לענינענ אונ סטאלינענ, איז א פארטיי פונ פראָלעטארישנ אינטערנאציאָנאליזמ.

דער פארבאנד סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפובליקנ האָט פארטיידיקט אונ פארפעסטיקט זײַנע גרויסע זיגנ בײַ דער שטיצע אונ מיטגעפיל פונ די פראָלעטאריער אונ ארבעטנדיקע פונ די קאפיטאליסטישע לענדער.

די קעגנזײַטיקע הילפ אונ אונטערשטיצונג פונ די ארבעטנדיקע פונ פססר אונ פונ די ארבעטנדיקע פונ די קאפיטאליסטישע לענדער איז א גאראנטיע פונ אונדזער

אומבאזיגבארקײַט און פונעם וווקס פון די קרעפטן פונעם צווישנפעלקערלעכן פראָלעטארישן פראָנט.

דער קאָמוניסטישער אינטערנאַציאָנאל איז פאר די פופצן יאָר, זינט עס איז געשטאָרבן זײַן גרויסער גרינדער—לענין—אויסגעוואקסן אין א מעכטיקער צווישנפעלקערלעכער אָרגאניזאציע.

די קאָמוניסטישע פארטייען פון די קאפיטאליסטישע לענדער האָבן זיך אָפּגערייניקט פון די פארעטער, וואָס זײַנען דורכגעקראָכן אין זייערע רייען, פון די טראָצקיסטן און בוכארינצעס, האָבן זיי ארויסגעטריבן פון זייערע רייען, האָבן זיי דעמאסקירט פארן ארבעטער־קלאס אלס אגענטן פון דער בורזשואזיע.

די קאָמוניסטישע פארטייען האָבן פארפעסטיקט זייערע פארבינדונגען מיט די פראָלעטארישע מאסן. פאר די דאָזיקע פופצן יאָר האָבן די קאָמוניסטישע פארטייען דורכגעפירט א ריי גלענצנדיקע שלאכטן מיט דער בורזשואזיע, שטייענדיק אינדערשפיץ פונעם ארבעטער־קלאס אין די דאָזיקע שלאכטן. די קאָמוניסטישע פארטייען האָבן פארברייטערט און פארפעסטיקט זייערע פארבינדונגען מיט אלע שיכטן ארבעטנדיקע. די קאָמפארטייען שטייען אומעטום אינדערשפיץ פונעם איינהײַטפראָנט אין קאמף קעגן דער פאשיסטישער געפאר.

דער קאמף פונעם שפאנישן און כינעזישן פאָלק האָט באוויזן, אז די קאָמוניסטישע פארטייען—דאָס איז די איינציקע ביזן סאָף רעוואָליוציאָנערע קראפט, וואָס איז פײַיק צו אָנפירן מיטן קאמף פון פאָלק פון יעדן לאנד קעגן פאשיזם און קעגן דער אויסלענדישער אונטערדריקונג.

דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל היט אָפּ שטרענג די פרינציפן פון דעם צווישנפעלקערלעכן פראָלעטארישן אינטערנאציאָנאליזם. דער קאָמוניסטישער אינטערנאציאָנאל האָט באוויזן אין דער פראקטיק, אז ער איז געטרײַ דער לענינישער לערע און ער פירט דורך די דאָזיקע לערע אין לעבן, גרייטנדיק זיך צום אנטשיידענעם און לעצטן שלאכט מיטן וועלט־קאפיטאליזם.

דעם געבאָט, וואָס לענין האָט אונדז איבערגעלאָזן—פארפעסטיקן און פארברייטערן דעם פארבאנד פון די ארבעטנדיקע פון גאָר דער וועלט—דעם קאָמוניסטישן אינטערנאציאָנאל, היט אָפּ הייליק אונדזער פארטיי. די שווּע, וואָס דער כאווער סטאלין האָט געגעבן אין נאָמען פון דער באָלשעוויסטישער פארטיי, ווערט מיט ערע דורכגעפירט אין לעבן.

* * *

פאר די פופצן יאָר, וואָס זײַנען דורכגעגאנגען, זינט עס איז געשטאָרבן דער לערער און דער פירער פון קאָמוניזם וו. אי. לענין, איז אונדזער פארטיי, אינדערשפיץ מיטן פאָרזעצער פון לענינס זאך—מיטן כאווער סטאלין,—דורכגעגאנגען א קאָלאָסאלן היסטאָרישן וועג און האָט זיך דערשלאָגן אלוועלטלעך־היסטאָרישע זיגן.

דער פארבאנד סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפובליקן איז ארײַנגעטראָטן אין א נײַעם פעריאָד פון זײַן אנטוויקלונג. אין אונדזער לאנד ווערט פארענדיקט די ארבעט פון אויסבויען א פולשטענדיקע אָנקלאסאָווע, סאָציאליסטישע אָרדענונג.

פארענדיקנדיק די בויונג פונ סאָציאַליזמ, איז פססר צוזאמענ מיט דעמ ארײַנגעטראָטנ אינעמ פעריאָד פונ ביסלעכווײַז אריבערגײנ צו דער קאָמוניסטישער געזעלשאפט. אויסגעבויט די ערשטע פאזע פונ קאָמוניזמ, האָבנ מיר אָנגעהויבנ דעמ אריבערגאנג צו דער צווייטער פאזע פונ קאָמוניזמ, ווו דער הערשנדיקער פרינציפ וועט זײַנ: פונ יעדערנ לויט זײַנע פײַקײַטנ, יעדערנ לויט זײַנע באדערפענישנ.

דאָס אריבערגײנ צו דער העכערער פאזע פונ קאָמוניזמ וועט פאָדערנ פונ אונדז א גוואלדיקע אונ אָנגעשטרענגטע ארבעט. אלע שוועריקײַטנ, וואָס זײַנענ פארבונדנ מיטנ אריבערגײנ צומ קאָמוניזמ נעמענ זיכ הויפטזעכלעכ פונ דעמ, וואָס מיר געפינענ זיכ אינ א קאפיטאליסטישער ארומרינגלונג.

די דערפארונג פונ אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ האָט באוויזנ, אז מיר האָבנ זיכ דערשלאָגנ גרויסע זיגנ נאָר דערפאר, ווײַל מיר האָבנ שטענדיק געפעסטיקט די מעכטיקײַט פונ דער סאָציאַליסטישער מעלוכע אונ די רויטע ארמיי. באמ אריבערגײנ צומ קאָמוניזמ פארבלײַבט ווי געווענ די וויכטיקסטע אופגאבע—מיט אלע מיטלענ פעסטיקנ די סאָציאַליסטישע מעלוכע אונ די מיליטערישע מעכטיקײַט פונ אונדזער לאנד. בא אונדז זײַנענ פאראנ אלע באדינגונגענ אפ צו אויסבויענ דעמ קאָמוניזמ. אָבער, בויענדיק דעמ קאָמוניזמ, דארפנ מיר געדענקענ, אז קאָלזמאנ עס רינגלענ אונדז ארומ אונדז פײַנטלעכע מעלוכע־סיסטעמענ, וועלנ מיר דארפנ פעסטיקנ די סאָוועטישע מעלוכע אונ איר באוואָפנטע קראפט.

אונדז שטייט נאָכ פאָר א גרויסע ארבעט אפ ווײַטער אויספילנ לענינס געבאָט וועגנ שאפנ א קאָמוניסטישע ארבעט־דיסציפלינ.

לענינ האָט געלערנט, אז דער קאָמוניזמ קענ זיגנ נאָר בא יענעמ אָבליגאטאָרישנ באדינג, ווענ אפ די סאָציאַליסטישע זאוואָדנ אונ פאבריקנ, אינ דער לאנדווירטשאפט וועט געשאפנ ווערנ א העכערע ארבעט־פראָדוקטיווקײַט, ווי באמ קאפיטאליזמ.

דערציִענ די קאָמוניסטישע ארבעט־דיסציפלינ—דאָס איז א ביז גאָר וויכטיקע אונ אנטשיידנדיקע אופגאבע אינ דער זאכ פונ שאפנ די קאָמוניסטישע אָרדענונג.

אינ אונדזער לאנד איז די ארבעט געוואָרנ פאר די ברייטע מאסנ א זאכ פונ ערע, העלדנמוט, רומ אונ העראָישקײַט. אינ דער סטאכאנאָווישער באוועגונג האָבנ זיכ אָפגעשפיגלט די העכסטע דערגרייכונגענ פונ דער סאָציאַליסטישער באציִונג צו דער ארבעט, ווי צו א זאכ פונ ערע, העלדנמוט. די סטאכאנאָווישע באוועגונג האָט אָנשוילעכ באוויזנ, אז דער ארבעטער־קלאס פונ פססר גייט איבער יענעמ וועג, וועלכער ארבעט אויס א קאָמוניסטישע ארבעט־דיסציפלינ אונ גיט די העכסטע ווײַזערס פונ ארבעט־פראָדוקטיווקײַט.

אונדזער פארטיי האָט נאָר דערפאר אָפגעהאלטנ די גרעסטע זיגנ אפ אלע פראָנטנ, נאָר דערפאר האָט זי טאקע אויסגעפילט לענינס געבאָטנ וועגנ אויסבויענ די סאָציאַליסטישע געזעלשאפט, ווײַל זי האָט זיכ שטענדיק געשטיצט אפ דער מארקסיסטיש־לענינישער לערע וועגנ די מיטלענ אונ מעטאָדנ פונ אויסבויענ דעמ סאָציאַליזמ.

דער מארקסיזמ־לעניניזמ איז די גרעסטע קראפט אינ די הענט פונ אונדזער פארטיי. די טעאָריע פונ מארקסיזמ-לעניניזמ—דאָס איז יענע קראפט, וועלכע גיט א מעגלעכקײַט צו דערקענענ די געזעצנ פונ דער געזעלשאפטלעכער אנטוויקלונג,

צו אָריענטירן זיך אין דער קאָמפּליצירטער און זיך ענדערנדיקער סיטואַציע פון קלאַסן־קאמף, אָנמערקן ריכטיק די סטראַטעגיע און די טאַקטיק פונעם קאמף.

אָן דער מארקסיסטיש־לענינישער טעאָריע וואָלטן מיר ניט געזיגט אין אָקטיאבער 1917 יאָר, מיר וואָלטן ניט אויסגעפּילט לענינס געבאָטן, מיר וואָלטן ניט אויסגעבויט דעם סאָציאַליזם. די וויכטיקסטע אופגאבע פון דער גאנצער פארטיי און פון יעדער פארטיי־מיטגליד, די וויכטיקסטע אופגאבע פון די פארטייִשע און סאָוועטישע קאדרען, פון דער גאנצער סאָוועטישער אינטעליגענץ איז באהערשן די מארקסיסטיש־לענינישע טעאָריע. ניט באוואָפנענדיק אונדזערע קאדרען מיט דער דאָזיקער טעאָריע פון וויסנשאפטלעכן קאָמוניזם, וועלן מיר ניט קענען אויספילן די ווײַטערדיקע אופגאבן, וואָס שטייען פארן סאָוועטישן פאָלק.

דער „קורצער קורס געשיכטע פון אלקפ(ב)“ איז א ביז גאָר אָנגעזועענע ווערק פון מארקסיזם־לעניניזם. אינעם דאָזיקן ווערק זײַנען איבערגעגעבן געוואָרן די יעסוידעס פון מארקסיזם־לעניניזם.

דער כאווער סטאלין, וואָס מיט זײַן נאָענטן אָנטייל איז געשאפן געוואָרן דער „קורצער קורס געשיכטע פון אלקפ(ב)“, לערנט שטענדיק דער פארטיי, אז זי זאָל שטענדיק, אומדערמידלעך באהערשן די טעאָריע פון מארקסיזם־לעניניזם.

די גרויסע ירושע, וואָס עס האָט אונדז איבערגעלאָזן דער גרינדער און דער לערער פון אונדזער פארטיי וו. אי. לענין, האָט די פארטיי פארהיט און פארמערט. לענינס לערע האָט אנטוויקלט דער כאווער סטאלין ווײַטער און אופגעהויבן אף א נײַער שטופע. באהערשנדיק די וויסנשאפט פון מארקסיזם־לעניניזם, די מארקסיסטיש־לענינישע טעאָריע, וועט אונדזער פארטיי אונטער דער אָנפירונג פון כאווער סטאלין פירן דאָס סאָוועטישע פאָלק צום זיג פון קאָמוניזם.

(געקירצט פון „באָלשעוויק“)

---

---

סוליימאנ סטאלסקי

# 21 יאנוואר 1924

דער גרויסער לענינ איז אוועק,
דער פאָסטער האָט די וועלט פארלאָזט הײַנט,
די מויכעס זײַנענ אופגערעגט,
א מאָדנע קעלט אינ הערצער בלאָזט הײַנט.

ס'פארוועלקט דאָס לײַבלעכע געשטאלט,
די זונ ווערט וואקלנדיק אונ קאלט,
דער צאר מיט שווארצע כוואליעס פאלט,
אינ הערצער אלעמענס פארשפרייט זיכ.

די נאכט, זי ציט זיכ אָנ א שיר,
די שטילקײַט ליגט לעמ יעדער טיר
אונ אינ דער שטילקײַט פול מיט דיר
דער טרויער פונ מוזיק צעגייט זיכ.

אינ סעדער וויינט דער מאנדל־קוסט,
עס פאלט דער צוויט, די צווײַגלעכ—פוסט,
אונ ס'וויינט דאָס הארצ אינ יעדער ברוסט,
אוועק איז לענינ פונ דער וועלט הײַנט.

אכ, סוליימאנ, אינ ווײ דײַנ בליק,
די הענט זײַנענ אינ ווײ צעוויגט:
וועסט אימ ניט אומקערנ צוריק,
וואָס פאר א מאָדנע, שווערע קעלט הײַנט!

.1925

## דעם ערשטן צוזאמענפאָר פון די סאָוועטישע שרײַבער

דורך רעגנס, היץ, מיט זון באַשײַנט
אינ ווײַטע ווײַטנ קומענ מיר,
צום פירער לעניג—אונדוער פרײַנט
אים זענ פונ ווײַטנ קומענ מיר.

די הונגער־טעג, די בײז און פײַנ
האָט ער פארניכטעט ווי די פײַנט.
צו סטאלינען, דעם פירער־פרײַנט,
מיט הײסע גרוסנ קומענ מיר.

דער רויטארמײער און נארקאָם,
ווי נאָענט איז מיר זײער קאָל,
און ס'רוישט אײנ כאווערישער שטראָם,
אינ העלע זאלנ קומענ מיר.

דעם גרויענ אומעט שוינ פארברענט,
מיט אויגנ צו דער זונ געווענדט,
לעב, שטורעם-פויגל, אָנ אנ'ענד,
באַזוכנ גאָרקינ קומענ מיר.

און דער, וואָס האָט צעשטערט די לאסט
פארשפרײט מיט יאָנטעוו יעדער גאס,
זאָל לעבנ אונדזער ארבעט־קלאס,
צו אים, ווי ברידער, קומענ מיר.

מיר זענ די צוקונפט אינ ארום,
די יונגע זינגער, נאָר מע קומט
קײנ מאָסקווע, העט פונ אומעטום
צום שרײַבער־יאָנטעוו קומענ מיר.

נאָכ שטורעם־שלאכט פונ ראנד ביז ראנד,
איז אויסגעוואָקסנ דער פארבאנד,
מיט רויטע רויזנ אינ דער האנט,
אינ שײנע סעדער קומענ מיר!

פונ טעג מיט רײנער בארג־לופט ווײט
דורכ האָפענונגענ פול מיט פרײד,
אינ פלאקערדיקנ פורפור־קלײד
צום דאָר פונ יוגנט קומענ מיר.

מײַן מעכטיק לאַנד האָט אופגעוואַכט
און זיך באפרײַט פון שוואַרצער מאַכט,
פון בײַזן כאָלעם אופגעוואַכט
און אופגעוואַכטע קומען מיר.

און מ'האָט פון חײַט אין פעלדזן־קאַנט
א הײסן גרוס געשיקט מיר דאַנ
און אָט איז סטאַלסקי סולײמאַן
מיט זינגער אויך געקומען איצט!

.1934

ייִדיש—אי. פעפער.

# בא לעניִנען

(א פאָלקס־מײַסע)



...האָבן פּויערים דערזען, אז ס'איז ניט גוט: קאָסיען דארף מען, בינדן דארף מען, פארשארן און צונויפלייגן די סנאָפּעס דארף מען, הײַנט זוי איז פירן, דרעשן, ווייען...

א וועוטעלע אויסצורײדן—זשניווא.

און די זון פּאַליעט, ברענט.

צײַט־קארג.

און אינמיטן דרינען א שלאקס־רעגן, און דאָס ברויט פּוילט.

און אלץ מיט די הענט.

טו־מאכ.

האָבן פּויערים דערזען, אז ס'איז שלעכט: כאָטש קראַפּיר! אזא בארג מיט ארבעט און אליין, אָן „מאכינאציעס". האָבן פּויערים געטראכט, געטראכט און זיך דערטראכט.

האָבן פּויערים געזאָגט: צו לעניִנען. האָט מען אויסגעקליבן קלוגע און כאָשעווע לײַט. מע האָט זיי אָנגעזאָגט אזוי און אזוי, און זיי זײַנען אוועק אין דער קרויג־שטאָט מאָסקווע צו לעניִנען אליין.

געקומען קיין מאָסקווע, האָבן די פּויערים גענומען די שטעקנס אין די הענט, די קלומקעלעך אפ די פּלייצעס... וואָדען, מע פאָרט אין אזא וועג, אין אזא שטאָט, עסן דארף מען דאָך?

— יאָ. א שטאָט. א גרויסע שטאָט. א רײַכע שטאָט...

— ס'א טוואָרע, אז פון איין מאָסקווע קען מען מאכן צוואנציק אינגוליעצן...

גייען די פּויערים גאס אײַן, גאס אויס. מענטשן—א יאם. פון אלע זײַטן מענטשן, טאקע נאָר ווי בא אונדז אפ אָקטיאבערסקע יאָנטעוו: מענטשן אהער, מענטשן אהין. אנטקעגן מענטשן, פון הינטן מענטשן. הײַנט טראמוײַען, הײַנט אווטאָמאָבילן... און מיליציאָנערן שטייען אפ די ראָגן. שטייען מיט ווײַסע הענטשי־קעס אפ די הענט אינמיטן זומער.

שיין—מאָסקווע.

יאָ. געגאנגען גאס אײַן, גאס אויס, און—אָט איז ער, דער קרעמל, זײַנען זיי געבליבן שטיין. א הויכע וואנט מיט שפּיצן, ווי א קאם, מיט טורעמס ביזן הימל.

שטייען די פויערים אָנגעשפּארט אפ די שטעקנס: וואָס טוט מען איצטער? געפאָרן פעלד איַין, פעלד אויס; וואלד איַין, וואלד אויס; געגאנגען גאס איַין, גאס אויס, און דאָ—אזא וואנט, און פון יענער זיַיט וואנט איז לעניִנ.

נאָר, אז פויערים ווילן ריידן מיט לענינען, איז דען עפּעס שוועכ? זיַינען זיי צוגעגאנגען צו א ברייטן טויער, און הויכ איז דער טויער, אז מע וואָלט געקענט אריַינפאָרן מיט הארבע מיט צווייענדיקע דראבענעס.

— דער עמעסער טויער.

— יענער!

— יאָ. אינ טויער שטייען גיבוירים רויטארמייער.

גייען צו די פויערים, און אנטקעגנ גייט ארויס דער שענסטער און געזינטסטער גיבער. נעמט די האנט וואָ פראָנט...

— קאָוועד—הייסט עס.

— יאָ. „וואָס ווילן די טאטעס פויערים?"—פרעגט דער שענסטער און געזינטסטער גיבער רויטארמייער.

— מיר ווילן,—זאָגן די פויערים,—זען אים אליינ.

— אָ! מיטנ גרעסטנ קאָוועד,—זאָגט דער שענסטער און געזינטסטער גיבער רויטארמייער,—מיר האָבנ א פארזאָג, אז קומענ נאָר פויערים, אָדער ארבעטער—גלייַכ אופנעמען, און סאָנים דארפנ מיר פארהאלטנ.

גייען די פויערים, די גרויע קעפּ הויכ געהויבנ—ווי עס פאסט פאר כאָשעווע פויערים.

פוןביידע זיַיטנ שטייען גיבוירים רויטארמייער—וואָ פראָנט. די פויערים גייען פארביַי פאלאצנ—קרישטאָלענע, פאלאצנ—מירמל-שטיינערנע, פאלאצנ—דעמבענע. און אלץ איז געשניצט, געטאָקט און געגילט, און אונטער די פיס—שטיינערנע פליטעס.

און אָט איז א פּאָשעטע הויז. טאקע מיט בלעכ געדעקט, נאָר א פּאָשעט. „דאָ וווינט וולאדימיר איליטש,—זאָגט דער שענסטער און געזינטסטער גיבער רויטארמייער,—גייט גלייַכ אריַינ".

— האָרכסט, אינ א פּאָשעטער שטוב.

— האָט פייַנט געהאט דעם קייסערס פאלאצנ.

— יאָ. גייען אריַינ די פויערים אינ איינ כיידער: ליכטיק, ציכטיק, שאַ־שטיל. גייען אריַינ אינעם צווייטנ כיידער: ליכטיק, ציכטיק, שאַ־שטיל.

—„ וואָס קער עס זיַינ?"—פרעגט איינער.

„פארשטייסט,—זאָגט דער סאמע עלטסטער פויער,—ווענ אזא קאָפּ טראכט, דארף זיַינ שטיל".

האָבנ שוינ אלע פארשטאנען.

געעפנט די דריטע טיר: פון א בענקל הויבט זיך אוף א מיטל ווּקסיקער מענטש, מיט א שפּיציק בלאָנד בערדל, מיט אויגנ קליינע שמייכלענדיקע, קלוגע. קוקנ און שמייכלען.

— „באָרעכ האבאָ, קומט אריַינ,—זאָגט צו זיי לענינ, און גייט ארויס פון הינטערן טיש און גיט אָפּ אלעמענ שאָלעם,—זיצט".

זיך אויסגעזעצט, קוקנ די פויערים ארום: הויכע ווענט מיט שאפעס פול מיט

ביכער, און יעדער בוכ—געדאנקענ פונ כאכאָמימ, און לענינס קאָפּ מיטנ הויכנ שטערנ אנ אויצער פונ כאָכמע. וויאַזוי הויבט מענ אָנ? און פונ וואָס?

— א ווערטעלע: ריידנ מיט לענינען אליינ.

— וויאַזוי זעט אויס דאָס ברויט אינ פעלד?—פרעגט לענינ,—צי גייענ רעגנס?

דערהערט אזוינע פּראָסטע דיבורימ, האָבנ די פויערימ אויסגעגלייכט די פּלייצעס אינ די פּארענטשעס פונ די בענקלעכ, און דער סאמע גרייַז-גרויער האָט געטונ טאָנ ריידנ מיט אזא לאָשנ: „א דאנק דיר, גרויסער פירער, פאר אופנעמ און פאר איג־טערעס צו אונדזערע פעלדער און סטעפּעס. ברויט האָיאָר וואקסט. לאָנעס שטייענ—אזש די ערד שפּאלט זיכ אונטער דער גערעטעניש. אונדז האָט סאקע געבראכט צו דיר, וולאדימיר איליטש, די פראגע, וויאַזוי אראָפּצונעמענ אזוינע טוועס? מיט די הענט איז צו שווער".

— וואָס-זשע ווילט איר?—פרעגט לענינ,—וואָס איז אייַער באגער?

— מאשינעס.

— מעלאָכע-מעלוכע, מאשינע-מעדינע,—האָט צוגעגעבנ א צווייטער פויער.

— אָנ מאשינעס קענענ מיר זיכ ניט ספּראווענ, מיר קענענ זיכ ניט שטעלנ אפ די פיס,—האָט צוגעגעבנ א דריטער פויער.

— גערעכט, כאווירימ,—זאָגט לענינ,—אָבער בא אייַכ אפ די קלייניקע ערד-כאלאָקימ קענ מענ קיינ מאשינעס ניט לאָזנ, ניטאָ ווו צו קערנ זיכ און עס לוינט ניט. אָט, אָט, זיידע, וויפל ערד האָסטו?

— איכ מיטנ זונ זעקס דעסיאטינ.

— אינ איינ פעלד?—פרעגט ווידער לענינ.

— ניינ. אינ זעקס פעלדער.

— איר זעט,—איז געוואָרנ נאָכ מונטערער לענינ,—פריִער ארטעלנ און דערנאָכ גרויסע מאשינעס.

— מיקויעכ ארטעלנ איז זיַי באוואָרנט,—ענטפערט דער גרייַז-גרויער פויער,—אויב מיר האָבנ איניינעמ צו הונדערט און צו טויזנט מאנ געהאָרעוועט אפנ פּאָרעצ, אפ זייַנע סטעפּעס—וועלנ מיר איניינעמ מיט פרייד ארבעטנ אפ זיכ.

— וואָס מע קענ דערגרייכנ איניינעמ—וועט ניט זייַנ בא איינעמ,—גיט צו א צווייטער פויער.

— נו,—פרעגט לענינ,—און דער באלעגופ וועט אייַכ לאָזנ ארבעטנ איניינעמ, וועט אייַכ לאָזנ האָבנ מאשינעס, וועט אייַכ לאָזנ ווערנ פארמעגלעכ?

קוקנ זיכ איבער די פויערימ, רייַבנ די פּאָטיליצעס, און דער גרייַז-גרויער זאָגט:—לויט זייַנע ציינ, ווייַזט אויס, אז ער וועט בייַסנ.

— עס לאָקערט דער וואָלף טאָמעד נאָכ דער שאָפ,—זאָגט א צווייטער.

— אויב מיר האָבנ אויסגעהאקט דעמ פריצישנ שטאמ, מוזנ מיר אויכ אויסקאָר־טשעווענ דעמ פריצישנ וואָרצל,—אניט—וועט עס וואקסנ,—גיט צו א דריטער.

— אבי הילפ,—זאָגט דער גרייַז-גרויער,—וועלנ מיר ארויסרייַסנ דעמ פוילנ צאָנ פונ געזונטנ מויל.

— הילפ וועט די פּארטיי און דער ארבעטער געבנ,—ענטפערט לענינ,—איצט זאָגט: וועלכע מאשינעס דארפט איר?

— אזא מאשינע,—זאָגט דער גרײַז-גרויער פויער,—וואָס זי זאָל קאָסיען, דרעשנ און ווייענ.

— א מאשינ א קאָלבוי,—זאָגט א צווייטער.—„קאָלבוי און קאָמבײַנ איז אלצײנס“,—זאָגט דער דריטער.

— וואָס געהער מעכאניקע, מאשינעס,—זאָגט לעניג,—וועלנ מיר ארויסרופנ אהער דעמ כאוועד סטאלינ. ער פירט אָנ מיט פארפעסטיקנ דאָס לאנד, מאכנ רײַכער דאָס לאנד, מאכנ גליקלעכ דאָס לאנד.—דערבײַ גיט לעניג א קוועטש א פיטעמל אינ וואנט, און א קלאנג הילכט איבערנ קרעמל, א רופ: מע רופט סטאלינענ צו די פויערימ.

אז סטאלינ האָט דערהערט, מע רופט צו לענינענ, צו די פויערימ,—קומט ער באלד.

זאָגט אימ לעניג אזוי און אזוי. ענטפערט סטאלינ: „עס איז ניטאָ די זאכ, וואָס באָלשעוויקעס זאָלנ ניט קענענ מאכנ. קומט אינ זאל צו די אינזשעניערנ“.

גייט לעניג, גייט סטאלינ, גייענ די פויערימ. גייענ זיי און גייענ, ביז מע גייט ארײַנ אינ פאלאצ, ווו די קייסאָרימ פלעגנ זיכ אמאָל זאלבנ אפ הערשונג איבערנ פאָלק. דאָרט זיצנ זיבנ און זיבעציק כאכאָמימ—אינזשעניערנ, מיט ברילנ אפ די אויגנ און טוענ טאָנ זייער זאכ: זיי טראכטנ וועגנ מאשינעס.

דערזענ אזוינע געסט—לענינענ, סטאלינענ, פויערימ—לייגנ זיי אוועק אינ א זײַט זייערע מאכשירימ.

זאָגט זיי סטאלינ: „מיר דארפנ פארגרינגערנ דעמ פויערטומ מיט אזא מאשינ, וואָס זאָל קאָסיענ, דרעשנ און ווייענ“.

— בינדט צונויפ די זשאטקע, די דרעשמאשינ מיט דער ווייעלקע אינײנעמ,—גיט צו דער גרײַז-גרויער פויער.

— מאכט א מאשינ, א קאָלבוי,—זאָגט נאָכ א פויער.

לעניג קוקט אפ די פויערימ, אפ די אינזשעניערנ, און ווידער אפ די פויערימ. שמייכלט ברידעריש. סטאלינ שרײַבט גיכ אינ א ביכעלע, און די פויערימ דערפילנ א קראפט אינ די פיס, א כיעס אינ די הערצער.

שטעלט זיכ אוועק דער עלטסטער פונ אלע אינזשעניערנ און זאָגט: „אז פויערימ דארפנ—איז דענ א טערעצ?—עס וועט זײַנ!“

און אזוי איז טאקע געווענ.

פארשריבנ פונ מוישע ברייטער אינ אינגוליעצ, אוססר.

ל. קוויטקאָ

# לידער

## נאכמאַכן יאַנטעווס לידער

1

וואָס מײַן אַלטיטשקע האָט מיר געבראַכט צו טראָגן:
דאָס האָב איך געהאַט, אָט דאָס פֿלעג איך פֿאַרמאָגן:
עלעפּ טעכטער, ווי די בעכער,
אײנע פֿון דער צווייטער העכער,
אײנע פֿון דער צווייטער ברייטער,
אײנע שענער פֿון דער צווייטער, —
אײַן כעסאָרן האָבן זיי —
עסן, עסן ווילן זיי.

קויפֿן מיר א הערינג — האָט ער נאָר אײַן עקל —
נעמען מיר אים טיילן, מעסטן, סע זאָל קלעקן:
סאַרא, דיווקע, ראָכל, קיילע,
עלקע, שפּרינצע, טײַבל, ביילע,
פֿיינע, פֿריידע און די קלענסטע —
און דער קלענסטער קומט דאָס שענסטע!
אײַן כעסאָרן האָבן זיי —
גרויסע ריפּטלעך ווילן זיי.

טרעפֿט זיך, ווי סע טרעפֿט זיך. סע פֿעלט דער גראָשן,
זיצט מען אָנעם הערינג, ס'לעמפּל אויסגעלאָשן:
טוט מען פֿיסנעם פֿלעצל פּיקן,
פּיקן, פֿליקן, ס'האַרץ דערקוויקן,
און די שטאַרקע צײנער קנאַקן —
מײַנע מיידן האָבן באַקן!
אײַן כעסאָרן האָבן זיי, —
גאָדן, נאָדן דאַרפֿן זיי!

2

איצטער טוט א קוק אפ מיר:—
קענאַרע, פריש,—א כאַלע:

עלעפ טעכטער?
סא געלעכטער!
ס'א געלעכטער,—
עלעפ טעכטער!—

כ'האָב זיי אויסגעגעבנ אַלע,—
מ'האָט זיי אויסגעכאַפט בא מיר,—
כ'האָב איצט כיילעק אינעם לאַנד,
אומעטום אינ דעם פארבאַנד,—
אונ יעדע בעט מיכ „קום צו מיר,"
אונ איכ, איכ ווייס ניט וווּ א פריר!

כ'זאָג אײַכ, א געווינס א ריינס,—
איכ רײַז אינ לאַנד אפ רײַוועס!
עלעפ טעכטער!!!

ס'א געלעכטער?
ס'א געלעכטער—

עלעפ טעכטער!
אונ פארמעגלעכע, אנ אײַזנ!
כ'זאָג אײַכ—א געווינס א ריינס!
קלאַפנ קלאַפט מענ מיר אינ טיר,
אונ מע פרעגט זיכ אָנ בא מיר:
צי כ'האָב ניט נאָכ א מיידל איינס,
ווי יענע מײַנע, נאָכ איינ שיינס!..

---

## אינעווייניק לאַכט אינ מיר

ניט דאָס פּאָנעם, ניט די ציינער—
א י נ ע ו ו י י נ י ק לאַכט אינ מיר,
לאַכט דאָס כּיעס אינ די ביינער,
זינט איכ האָב שפּאַצירט מיט דיר.
לאַכט דאָס כּיעס אינ די ביינער—
נאָר מיט דיר, מיט דיר אליינ נאָר!

אײדלער פונ דײַנ אײדלענ פאָנעמ—
זאָל איכ קרענקענ צי סע דאָ.
ס׳קענענ בלײַבנ מויל-סימאָנימ,
אויב דעמ גרינגסטנ קוש דיר טאָנ.
ס׳קענענ בלײַבנ מויל־סימאָנימ
אפ דײַנ אײדלענ, ליבנ פאָנעמ!

קושנ דיכ זאָלסטו פארווערנ—
כ׳קענ עס טאָנ דאָכ צופיל שטארק.
דיכ ארומנעמענ—זאָלסטו שטערנ—
טאָמער טוט עס דיכ א ווארג.—
דיכ ארומנעמענ זאָלסטו שטערנ—
כ׳קענ פונ גליק צעגאנגענ ווערנ!

---

כאים גילדינ

# גאָלדפאדנס טויט

דער גרעסטער טעאטער אינעם ייִדישנ טייל פונ ניו־יאָרק איז געווענ געפאקט. די אָנגעזעענסטע רעדל־פירער פונ די מאנסליַיט־געזעלשאפטנ, קינסטלער, מוזיקער אונ שריַיבער, אָנפירער פונ די גרעסטע פאריינענ, ארטיסטנ אונ קולטור־טוער זיַינענ געקומענ צו דער פרעמיערע פונ גאָלדפאדנס פיעסע בענאמי. געקומענ, אָפגעבנ קאָווער דעם שעפער פונעם ייִדישנ טעאטער, אָפגעבנ קאָווער יענעם מענטשנ, וועמעס נאָמענ עס האָט זיכ זינגענדיק פארשפרייט איבער אלע עקנ וועלט.

א הויכער, אנ אויסגעפוצטער איז דער אכט אונ זעכציק־יאָריקער גאָלדפאדנ ארייַנ אינ דער לאָזשע פונקט צום דריטנ קלונג, געכאפט א קוק צי די גאליאָרקע איז פול, אונ שווער ארָאָפגעלאָזט זיכ אפנ שטול. די לינקע האנט האָט ער אוועקגעלייגט אפנ פארענטש, אינ דער רעכטער—געהאלטנ דעם שטאָק מיטנ באגילדטנ קעפל.

אינ די פאָדערשטע רייענ פונ פארטער זיַינענ געזעסנ די „שטערנ" פונ דער אמעריקאנער ייִדישער בינע, יאקאָוו אונ סערא אדלער, מאָריס מאָשקאָוויטש, דאָוויד קעסלער, בערטע קאליש אונ די נידעריטשקע קעני ליפּצינ מיטנ ציגיַינערישנ פאָנעם אונ קלוגע ברענענדיקע אויגנ. דערזעענדיק אווראָעמ גאָלדפאדענענ זיַינענ זיי אופגעשטאנענ פונ די ערטער אונ באגריסט אימ מיט אפלאָדיסמענטנ.

— אווראָמ גאָלדפאדנ!—איז איבערנ טעאטער אוועקגעשווומענ א געמורמל,— אלייַנ אווראָעמ גאָלדפאדנ. אונ אפ אלע יארוסנ האָבנ אויסגעבראָכנ אפלאָדיסמענטנ.

גאָלדפאדנ איז אופגעשטאנענ, טיפ־טיפ פארנויגט זיכ פארנ אוילעמ, נאָר צו די „שטערנ" האָט ער עטוואָס א שאָקל געטאָנ מיטנ קאָפּ אונ אָנגעכמורעט זיכ:

אָט די אלע „שטערנ" זיַינענ דאָכ אויסגעוואקסנ אפ זיַינע פיעסנ. אדאנק אימ האָבנ זיי באקומענ א נאָמענ, געוואָרנ רייַכ. אויסגעבויט אייגענע ריזיקע טעאטערנ אונ ער, אווראָעמ גאָלדפאדנ באקומט אפ דער עלטער פינפ דאלער א וואָכ קיצווע, ער, דער הערשער פונ דער ייִדישער בינע האָט זיכ צו זיי אָנגעשלאָגנ מיט זיַינ פיעסע, אייַנגערעדט, געבעטנ, נאָר גאָרניט געפויעלט. בלויז איינ טעמאשעווסקע האָט סאָפקאָלסאָפ אייַנגעשטימט שטעלנ בא זיכ אינ טעאטער זיַינ פיעסע בענאמי, אי דאָס...

— דער—לעבט!—האָט ער פארביטערט אויסגעזיפצט און א פאָר מאָל א קלאפ געטאָנ מיטנ שטעקנ אינ דיל,—דער—לעבט.

די שײַנ האָט אָנגעהויבנ לעשנ זיכ. דאָס געררויש, דאָס געפלאפל איז געוואָרנ שוואכער, שוואכער, און אינגיכנ אינגאנצנ פארשטילט געוואָרנ.

גאָלדפאדנ האָט אויסגעווישט די ברילנ, דעמ שטערנ, א דריי געטאָנ די ווײַסע גראָבע וואָנצעס און באקוועמער אײַנגעמאָסטעט זיכ אינ קרעסלע.

צוויי און דרײַסיק יאָר האָט זײַנ נאָמענ געקלונגענ אינ אלע עקנ וועלט. ער, דער איינציקער, האָט זויכע געזוענ, אז די לידער פונ זײַנע פיעסנ זאָלנ איבערוואנדלענ פונ דער בינע אינ די פײַכטע קעלער־שטיבלעכ. זינגענדיק זײַנע לידער האָבנ מיליאָנענ עמיגראַנטנ געוואָגלט איבער די אָקעאנענ, זוכנדיק א נײַע היימ. זינגענדיק זײַנע לידער האָבנ הונדערטער טויזנטער ארבעטער געיאָגט די מאשינעס אינ די פאבריקנ פונ סמארגאָנ, לאָנדאָנ, ניו־יאָרק, יאָהאנעסבורג און בוענאָסאיירעס. צוויי און דרײַסיק יאָר איז ער געזוענ דער באליבסטער אווטאָר בא די ייִדישע מאסנ. ווי זשע וועט מענ איצטער אופנעמענ זײַנ פיעסע „בענאמי“?

ער האָט באקוקט דעמ איבערפולטנ פארטער און זויערלעכ פארקרימט זיכ: ניט זײַנ אוילעמ זיצט אינ טעאטער. זײַנע צושויער זײַנענ שטענדיק געווענ די שוסטער, די שנײַדער, די קאמאשנ־מאכער און סטאָליארס. זיי פלעגנ אופנעמענ זײַנע פיעסנ מיטנ הארצ, מיט דער נעשאָמע און גאנצ אָפט מיטגעזונגענ צוזאמענ מיט די ארטיסטנ. אָבער די דאָזיקע, די אינטעליגענטנ, זיי האָבנ אלע מאָל געדרייט מיט דער נאָז.

יעדעס מאָל, ווי נאָר דער אָרקעסטער פלעגט אָנהויבנ שפילנ, פלעגט גאָלדפאדנ אומרויִק אוימדרייענ דעמ קאָפּ און קוקנ אפנ אוילעמ מיט אזא ווײמוטיקנ בליק, גלײַכ ער פארקלאָגט זיכ פאר דער גרויסער אוילע, וואָס מע איז באגאנגענ קעגנ אימ.

די פיעסע האָט גאָלדפאדנ אָנגעשריבנ אינ א ריינ דראמאטישער פאָרמ, נאָר דער דירעקטאָר פונ טעאטער טאָמאשעווסקע, האָט זי פארוואנדלט אינ אנ אָפערעטע מיט טענצ און ביליקע לידלעכ.

אונטערגעשפארט דעמ קאָפּ מיט דער לינקער האנט איז ער דעמ גאנצנ ערשטנ אקט אָפּגעזעסנ א פארקלעמטער. פונ אונטער די אָנגעברויוטע ברעמענ האָבנ זײַנע אויגנ, דאכט זיכ, נאָכגעשפירט, וויִאזוי די אקטיאָרנ שפילנ. נאָר געזוענ האָט ער יענע שטיקער טעקסט, יענע הייסע מאָנאָלאָגנ, וואָס טאָמאשעווסקע האָט ארויסגעווארפנ פונ דער פיעסע.

דער ערשטער אקט האָט זיכ פארענדיקט אונטער זייער שיטערע אפלאָדיסמענטנ.

— נו יאָ,—האָט ער שטיל צו זיכ אליינ א זאָג געטאָנ,—די נעשאָמע פונ דער פיעסע האָט מענ אויסגעטרייבערט, פונ א דראמע געמאכט א האָפּקע, דערצו נאָכ זיצט אנ אוילעמ, וואָס איז שטענדיק געווינט צו דרייענ מיטנ גראָבנ פינגער, וואָס שע איז דער כידעש?

קעדיי ניט באגעגענענ זיכ מיט קיינעמס בליקנ האָט ער זיכ איבערגעזעצט טיפער אינ לאָזשע.

אָנגעשפארט מיט ביידע הענט אפנ שטאָק איז ער געזעסנ א פארקלעמטער, א געהויקערטער, אונ פאר די אויגנ—בילדער פונ זײַנ רוישיקנ טריומפ איבער די שטעט אונ שטעטלעכ פונ רוסלאנד, רומעניע, גאליציע, דײַטשלאנד, ענגלאנד. וויפל פריי־דיקנ געלעכטער פלעגנ זײַנע פאָרשטעלונגענ ארויסרופנ באַם האָרעפּאשנעם עולעם אינ אלע עקנ וועלט. מיט וויפל וואונדערבארע ניגונים, שארפזיניקע וויצנ, פעפער־דיקע גלײַכווערטלעכ האָט אים באַרײַכערט אָט דערדאָזיקער קרײַז צושויער. צוויי אונ דרײַסיק יאָר איז ער געווענ מיט זיי אזוי לײַבלעכ־נאָענט, פונ זייערע קוואלנ געשעפט באגײַסטערונג, געשעפט מאָטיוונ פאר זײַנע לידער אונ צו זיי האָט זיכ עס צוריק אומגעקערט באפוצט, פארפײַנערט.

א פארטיפטער אינ די זיכרוינעס האָט ער גאָר ניט געהערט, ווענ אינ לאָזשע איז ארײַנגעקומענ די אָנגעזעענסטע ארטיסטנ פונ דער אמעריקאנער בינע בערטע קאליש.

אמאָל, אינ לעמבערג, איז זי אָנגעקומענ צו גאָלדפאדענענ אלס כאָריסטקע. א שלאנקע, א שיינע, אונ דערצו נאָכ א באגאבטע פונ דער נאטור, האָט בערטע קאליש אינ משעכ פונ זייער א קורצער צײַט פארנומענ דעם אויבנאָנ אינ גאָלד־פאדנס טרופע אונ לעסאָף געוואָרנ איינע פונ די בארימטסטע אקטריסעס אפ דער ענגליש־אמעריקאנישער בינע.

זי איז צוגעגאנגענ צו גאָלדפאדענענ, ארומגענומענ זײַנ זילבער־ווײַסנ קאָפּ, צוגעדריקט צו איר ברוסט, אונ א קוש געטאָנ אים אינ שטערנ:

— מאזלטאָוו, לערער מײַנער, מאזלטאָוו! ע, זײַנ באטרויערט אפ דער אייגענער פרעמיערע דאָס פאסט פאר א יונגנ אווטאָר. דאכט זיכ, ניט די ערשטע פיעסע אינ לעבנ אָנגעשריבנ?

— א דאנק בערטעניו, א דאנק, געקומענ א קוק טאָנ, וואָס דער אלטער אויווער באַטל האָט אָנגעטינסלט? יאָ, פרײַנט מײַנער, כאקע ניט די ערשטע פיעסע אָנגע־שריבנ, גאָר אפאָנעם, אז די לעצטע.

— פע, פע—האָט זי ליבלעכ א קלאפ געטאָנ אים איבער דער האנט—גאָלדפאדנ אונ פעסעמיזם הארמאָנירט ניט.

— שווער בערטעניו, שווער אונ ביטער, די אסטמע שטיקט, אינ קעשעניע פוסט, זאָג זשע, פרײַנט מײַנער, דעמ ריינעמ עמעס: א דורכפאל מײַנ „בענאמי״?

— כאָ־לי־לע, פאראנענ ערטער זייער שטארקע, אינטערעסאנטע אונ דאָס וויכ־טיקסטע—אָנגעשריבנ סצעניש, נו אזוי ווי גאָלדפאדנ האָט אלע מאָל געקאָנט, נאָר די טענצ, די לידלעכ, צו וואָס?

עטלעכע מינוט איז גאָלדפאדנ געזעסנ א שווײַגנדיקער, געקוקט אפנ דיל אונ טרויעריק צוגעשאָקלט מיטנ קאָפ:

— אפ דעם בערטעניו, קלאָגט טאקע דער נאָווי. אמאָל זײַנענ מיר מיט דיר

געווענ קונדייסים, געלידלט, אויסגעלאכט די שמענדריקס, די האָצמאכס, די קונילעמ־לעכ פונעם אלטנ יידישנ לעבנ, אונ דער אוילעמ האָט צוזאמענ מיט אונדז געלאכט פונ פולנ הארצנ, געלאכט, ווייל מײַנע פיעסנ פלעגנ טרעפנ אינ פינטל. געלאכט, ווייל דער אוילעמ האָט געהאָפט אפ בעסערע צײַטנ אונ געווענ צופרידנ וואָס מיר כויזעקנ פונ אלצ, וואָס איז אפגעלעבט אונ פארשימלט. דאָס לעבנ, בערטעניו, האָט אָבער אָפגענארט. געקומענ זײַנעג צײַטנ פינצטערע, דער רוסישער קייסער האָט דאָס לאנד ווידער פארגאָסנ מיט יידיש בלוט. טויזנטער שמאכטנ אינ די טורמעס, קלינגענ מיט די קייטנ איבער די סיבירער טראקטנ אונ דער אָפהילכ פונ די פאָגראָמענ האָט אינ מיר געטויט דעמ אמאָליקנ קונדעס. שרײַענ, בערטע, ווילט זיכ מיר אצינד, ברילנ, ווי א לייב. אינ מײַנ „בענאמי" האָב איכ געוואָלט אופמונטערנ דאָס געפאלענע געמיט פונ מײַנ פאָלק, אינ זײַנ ביטערנ קאָס האָב איכ געוואָלט ארײַנגיסנ כאָטש עטלעכע זיסע טראָפנ פונ טרייסט, פונ האָפענונג אפ א בעסע־רער צוקונפט, אונ טאָמאשעווסקע האָט פונ דעמ געמאכט א האָפקע, א בי־לי־קע האָפקע.

— ניט געטאָרט דערלאָזנ,—האָט בערטע קאליש אופגערעגט געמאָלדנ,—אינ קיינ פאל ניט געטאָרט דערלאָזנ.

ער האָט אפ איר פארכידעשט א קוק געטאָנ אריבער די ברילנ אונ פונ זײַנ בליק, פונעם קרומענ גאליקנ שמייכעלע האָט ארויסגעווייזט דער יוירעד:

— דו פארגעסט, אפאָנעמ, אז פאר די דירעקטאָרנ פונ די אמעריקאנער יידישע טעאטערנ איז אוראָעמ גאָלדפאדנ געוואָרנ א ווײַטער אָרעמער קאָרעוו. דורכ דער הינטערשטער טיר דארפ איכ זיכ אצינד ארײַנגאנווענענ אפ דער בינע, דורכ דער הינטערשטער טיר, בערטע.

ער איז האסטיק אופגעשטאנענ אונ אָטעמענדיק קורצ אונ שווער אוועקגעשפאנט איבער דער לאָזשע.

— איכ האָב דעמ יידישנ טעאטער אָפגעגעבנ מײַנ געזונט, די יאָרנ; אפ דער עלטער ניט אָפגעשפאָרט אפילע אפ קיינ איינציקנ כוידעש דורכצולעבנ זיכ אונ אזא טאנדייטניק, ווי שאָמער, זאָלאָטאריאָוו, לאטיינער אונ אפילע יאקאָוו גאָרדינ זײַנענ אָפגעשאָטנ מיט גאָלד. יאקאָוו גאָרדינ איז דער גאָט אפ דער אמעריקאנער יידישער בינע אונ איכ, איכ בינ אנ אײַנגעבעטענער. פארוואָס, ווייל איכ וויסנ קומט עס גאָרדי־נענ, פארוואָס? פונ אלע זײַנע פערציק פיעסנ איז דאָס נאָר „כאסי די יעסוימע" א מער אָדער ווייניקער אָריגינעלע. די איבעריקע פיעסנ זײַנענ דאָכ איבערגעניצעוועט פונ פרעמדע געדאנקענ, איבערגעניצעוועט פונ פרעמדע אידייענ. מיט דיר צוזאמענ, בערטע, האָבנ מיר געכויזעקט פונעמ אָפגעלעבטנ, באזונגענ די שיינקײַט פונ אמאָל, געוועקט, געמונטערט.

דער צווייטער אקט האָט זיכ שוינ אָנגעהויבנ אונ גאָלדפאדנ אנ אופגערעגטער איז אלצ אומגעגאנגענ הינ אונ צוריק אונ געשאָטנ פעכ אונ שוועבל אפ די דירעק־טאָרנ, אפנ צושויער, אפ דער טעאטראלער קריטיק. ענדלעכ, האָט ער זיכ זיפצנדיק אראָפגעלאָזט אינ קרעסלע אונ געבליבנ זיצנ אזא פארקלעמטער, אזא אײַנגעבראָכע־נער, פונקט, ווי ער וואָלט געזעסנ בא דער טרונע פונ זײַנ נאָענטסטנ פרײַנט.

אינ סאָפ פונ צווייטנ אקט האָבנ פלוצים אויסגעבראָכנ שטורמישע אפלאָדיס־מענטנ.

גאָלדפאדנ האָט זיכ, ווי אופגעכאפט פונ שלאָפ, איבעראשט א קוק געטאָנ אפנ אוילעמ אונ צעשמייכלט זיכ:

— זע נאָר, בערטע, פאראנ נאָכ נאראָנימ, וואָס אפלאָדירנ.

— פאראנ, פאראנ,—איז בערטע קאליש אופגעשטאנענ אונ נאָכ שטארקער אָנגע־הויבנ אפלאָדירנ הארט נעבנ זײַנ פּאָנעמ,—איכ בינ אויכ צווישנ די נאראָנימ.

— וואָס זשע מיינסטו,—האָט ער וויציק געענטפערט,—זינט דו ביסט פונ דער יידישער בינע איבערגעגאנגענ אפ דער אמעריקאנישער, ביסטו טאקע געוואָרנ אויס־געוועפּט.

אינ טיר האָט טאָמאשעווסקי ארײַנגעשטעקט דעמ קאָפּ אונ אויסגעשריענ דראָענ־דיק מיטנ פינגער צו גאָלדפאדענענ:

— נו, אלטער טערעכ, געבורטשעט? א האָפקע, מע קוילעט, ווער איז אָבער געוועזנ געדערכט! געהערט כאָטש, ווי דער אוילעמ בושעוועט?

מיט צעפירטע הענט אונ א צעטומלטער, איז גאָלדפאדנ געשטאנענ אינמיטנ לאָזשע אונ גאָר שטיל געמורמלט:

— ניט אנדערש, אז איכ בינ טאקע אויווער באָטל, איינפאכ אויווער באָטל, בערטע, גאָלדפאדנ הייסט עס, יאָכלט נאָכ. נו, וויבאלד אזוי, וועל איכ ערשט איצט פארקאטשענ די ארבל.

בערטע קאליש האָט זיכ אנטשולדיקט, פארוואָס זי קאָנ ניט זיצנ ביזנ סאָפ, בא־שאָנקענ אימ מיט קאָמפלימענטנ אונ אוועק.

דעמ דריטנ אקט האָט דער אוילעמ אופגענומענ גאָר אָנ אפלאָדיסמענטנ אונ גאָלדפאדנ איז בא זיכ ווידער ארױפגעפאלנ. נאָר נאָכנ לעצטנ אקט האָט דער גאנ־צער טעאטער אָנגעהויבנ אויסרופנ זײַנ נאָמענ.

פארגרימירטע זײַנענ אינ לאָזשע ארײַנגעלאָפנ טאָמאשעווסקי אונ זײַנ פרוי בעסי טאָמאשעווסקע, געכאפט גאָלדפאדענענ אונטער די הענט אונ ארופגעפירט אימ אפ דער בינע.

דער גאנצער זאל האָט אימ שטייענדיק באגריסט. פונ די קוליסנ האָט מענ אימ אָנגעהויבנ אונטערטראָגנ בלומענ-קרענצ.

אָנגעשפארט מיט דער ציטערדיקער האנט אָנ דעמ שטעקנ האָט ער זיכ אלצ געבוקט, געוואָלט עפּעס זאָגנ דעמ אוילעמ, נאָר פונ אופרעגונג ניט געקאָנט אויס־ריידנ קיינ וואָרט.

ערשט אינ עטלעכע מינוט ארומ, נאָכ דעמ, ווי דער פאָרהאנג איז געפאלנ, האָט ער גענומענ צוויי בלומענ־קרענצ אונ דערלאנגט טאָמאשעווסקענ די האנט:

— טאָמאשעווסקי, בעשאס די רעפעטיציעס האָט איר געזאָגט, אז פאר מײַנ „בענאמי״ וועט מענ מיר אָנטאָנ א קרוינ אפנ קאָפּ? אונ איכ זאָג אײַכ, אז די קרוינ דארפ מענ אָנטאָנ ניט מיר, נאָר אײַכ. איר האָט לעבעדיק געמאכט מײַנע געשריבענע מענטשנ, איר האָט מײַנע געדאנקענ א נעשאָמע ארײַנגעגעבנ, עמעס, די טענצ אונ

די לידלעכ זײַנענ פאָרט... נאָר א דאנק, פרײַנט מײַנע, אַלעמענ אײַכ א גרויסנ דאנק.

ער האָט זיכ צעזעגנט מיט די ארטיסטנ, גענומענ אינ די הענט די צוויי בלומענ־קרענצ אונ אראָפּ פונ דער בינע אינ דער באגלייטונג פונ טאָמאשעווסקינ אונ זײַנ פרוי בעסי.

באמ גארדעראָב איז נאָכ געשטאנענ א גאנצ גרויסער אוילעמ. דערזעענדיק גאָלדפאדנענ האָט מענ ווידער אָנגעהויבנ רוישיק אפלאָדירנ.

— איר זעט? — האָט ער זיכ געווענדעט צו טאָמאשעווסקינ, — דאָס פאָלק פארגעסט ניט זײַנע דיכטער. אוי, ווי עס געדענקט, האָט זשע דאָס אינ זינענ, טאָמאשעווסקי. הונגערנ, איבערטראָגנ אלצ, נאָר שאפנ פארנ פאָלק. קיינמאָל פארגעסט ניט דאָס פאָלק זײַנע עמעסע טרײַע קינסטלער. נו, זײַט זשע מיר געזונט אונ לאָמיר צוזאמענ האָבנ נאכעס פונ מײַנ „בענאמי”.

הונדערטער מענטשנ האָבנ געראמט דעמ שניי פונ די גאסנ, אָנ אופהער האָבנ געברילט אווטאָמאָבילנ, אויבנ האָט געטראסקעט די לופט־באנ, פונ ביידע זײַטנ האָבנ זיכ געצויגנ צוויי ענדלאָזע רייענ מענטשנ, טיילמאָל האָט זיכ עמעצער אָפּגעשטעלט, באקוקט דעמ טשודאק, וואָס שפאנט אינעמ פראָסט מיט צוויי קרענצ בלומענ אונ ארויסגעזאָגט א וויצ.

גאָלדפאדנ האָט אָבער גאָר ניט געהערט אונ קיינעמ ניט געזענ. געשפאנט האָט ער מיט יונגע לײַכטע טריט, קורצ אונ שווער געאָטעמט אונ גליקלעכ געשמייכלט.

שוינ הארט בא דער טיר פונ זײַנ וווינונג האָט ער אָנגעטאָנ א קראנצ אפנ קאָפּ, שטיל געעפנט די טיר אונ אפ די שפיצ פינגער ארײַנ צו דער פרוי אינ צימער.

— זע נאָר, — האָט זיכ זײַנ אלטיטשקע א כאפּ געטאָנ פונ דער קרעסלע, — כ'האָב גאָרניט געהערט, וויאזוי דו האָסט געעפנט די טיר.

— א באקראנצטער איז דער זיגער ארײַנ דורכנ לאָכ פונעמ שלאָס אונ דער באשערטער זײַנער געבראכט א קראנצ — האָט ער שטאָלצ אָפּגעדעקלאמירט אונ מיט א טעאטראלנ זשעסט אויסגעשטרעקט איר דעמ צווייטנ קראנצ, נאָר פלוצלינג צוגעפאלנ צו איר אקסל אונ אָנגעהויבנ כליפּענ:

— מאמעלע מײַנע, דײַנ אורעאָמ איז נאָכ ניט קיינ אויוער באָטל. הערסט! דער אוילעמ נעמט נאָכ אומ מײַנע פיעסנ מיטנ זעלבנ אינטערעס, ווי אמאָל.

— נו, מאזלטאָוו, מאזלטאָוו, איז בארויִק זיכ — האָט 'זי אימ ארײַנגעזעצט אינ קרעסלע אונ אָנגעהויבנ גלעטנ מיטנ האנט איבערנ קאָפּ — כ'האָב גאָר ניט געצווייפלט, אז דו וועסט האָבנ דערפאָלג. נו, גענוג, גענוג וויינענ פונ פרייד.

א לאנגע צײַט זײַנענ זיי געזעסנ איינער אנטקעגנ דעמ צווייטנ אונ געשמועסט מעקויעכ דער פאָרשטעלונג.

האלטנדיק אירע הענט אינ זײַנע, האָט ער איר אויסדערציילט אלע איינצלהײַטנ, ארויסגעזאָגט האשאָרעס וואָסערע ארטיקלענ 'וועלנ זײַנ אינ די מאָרגעדיקע צײַטונגענ אונ לעסאָפּ שווער אופגעהויבנ זיכ:

— איצט מאמעלע, לאָמיר גייענ שלאָפנ. פונ הײַנטיקנ אָוונט, מוז איכ דיר זאָגנ, בינ איכ ניט שטארק ניספּאָעל. דער טעאטער איז פול געווענ מיט אינטעלע־

גענטן און פון די דאָזיקע פײַנשמעקער האָב איך דאָך, ווי דו ווייסט, קיין גרוים נאכעס קיינמאָל ניט געהאט. אָט מאָרגן וועלן אַף דער פאָרשטעלונג קומען די שוסטערס, די סטאָליערס, די שנײַדער, זיי וועלן אופנעמען מײַן „בענאמי" גאָר מיט אן אנדער וואַרעמקײַט.

אײַנשלאָפן האָט ער אָבער ניט געקענט. גראָד איצט האָט ער זיך געכאפט, אז אייניקע ערטער אין דער פיעסע דארף מען איבעראַרבעטן.

ער איז שטיל ארוים פון בעט, אײַליק אָנגעטאָן דעם שלאָף־ראָק און אוועקגע־זעצט זיך צום שרײַב־טיש.

אין מויעך האָבן זיך אָנגעהויבן צעוויקלען בילדער, ווי פריידיק די ארבעטער נעמען אוף די פיעסע, ווי רוישיק זיי אפלאָדירן נאָך יעדער אקט. אין פאָיע, אין טעאטער מאכט מען אים אָוואציעס און עס הויבן אָן גאָר אנדערש באציען זיך צו אים די דירעקטאָרן פון די ניו־יאָרקער טעאטערס. אייניקע בעטן ער זאָל עפעס אָנשרײַבן פאר זיי, אייניקע לייגן פאָר ער זאָל אפילע ווערן א שוטעף אינעם גע־שעפט, און ער, דער אלטער אוראָעם גאָלדפאדן ווערט ווידער באליבט און געשעצט.

א פארטרוימטער איז ער ביז גרויסן טאָג אָפּגעזעסן באם שרײַב־טיש און ניט אָנגעשריבן קיין איין וואָרט.

אזייגער נײַן איז ער אומרויִק אראָפּ אין גאס און אײַנגעקויפט אלע ניו־יאָרקער ייִדישע צײַטונגען.

אין דער בירגערלעכער פרעסע זײַנען געווען נאָר קורצינקע אינפאָרמאציעס, אז די פרעמיערע פון דער פיעסע „בענאמי" איז פאָרגעקומען און דער אוילעם האָט זי וואַרעם אופגענומען. אין די לינקע צײַטונגען זײַנען דאווקע געווען גאנץ גרויסע אר־טיקלען, נאָר מער פון אלץ איז אין זיי גערעדט געוואָרן וועגן זײַנע אלטע פאר־דינסטן אלס גרינדער פונעם ייִדישן טעאטער. מעקויעך „בענאמי" האָט מען נאָר אין עטלעכע שורעלעך אָנגעוויזן, אז די פיעסע איז סצעניש, ניט שלעכט געשטעלט געוואָרן, נאָר איר גרונט־אידייע איז א רעאקציאָנערע, א נאציאָנאליסטישע.

אין שטוב האָט ער זיך אומגעקערט אן אָנגעכמורעטער.

זײַן אלטיטשקע, אן אויסגעפוצטע לעקאָוועד זײַן דערפאָלג האָט אים באגעגנט מיט א שײַנענדיק פאָנעם.

— נו, מע לויבט?

— כ'חיי—האָט ער קלוימערשט גלײַכגילטיק געענטפערט—מע פלאפלט.

וויפל זי האָט זיך אָבער בא אים ניט געבעטן ער זאָל איבערלייענען כאָטש איין ארטיקל, האָט ער זיך דעם גאנצן פרימאָרגן אויסגעדרייט פון דעם.

טייקעף, נאָכן פרישטיק האָט ער זיך ווידער געזעצט צום שרײַב־טיש מיט א פעסטער קאוואָנע איבעראַרבעטן די ערטער אין דער פיעסע, וואָס זײַנען אים ניט געפעלן געוואָרן, נאָר די ארטיקלען האָבן אים ניט געלאָזט רוען.

אין מעשעך פונעם טאָג האָט ער זיי צענדליקער מאָל איבערגעלייענט, נאָר אין קיין פאל ניט געקענט באנעמען, וואָס פאר א טײַנעס האָט מען צו אים, מיט וואָס איז די פיעסע רעאקציאָנער? ער רופט דאָך דאָס גאנצע ייִדישע פאָלק צו אכדעס, רופט ניט פארלירן זײַן מוט, זײַן גלויבן אין בעסערע צײַטן, און דאָס הייסט רע־אקציע?

ער האָט אופגערעגט געשפאַנט איבערן צימער, גערעדט צו זיך אליין. געפלייסט זיך דערוויזן דער אלטיטשקער זייַנער, ווי אומגערעכט עס זײַנען די אלע קריטיקער און לעסאָפ א מאל געטאָן מיט דער האַנט:

— הערסטו מאמעלע, דרייַ שמעק טאבעק האָט א ווערדע אָט די גאנצע קרי־טיק. א פארקויפטע איז זי, א פארקויפטע. די עמעסע קריטיקער וועלן הייַנט אין אָוונט זייַן מייַנע שנייַדער און סטאָליארס. גיב נאָר מייַן פראק.

ער האָט זיך אויסגעפוצט, א קוש געטאָן די אלטיטשקע און באגלייט פון אירע בראָכעס אוועק אין טעאטער.

ווי נאָר ער איז ארייַן אין לאָזשע, איז דער גאנצער עולעם אופגעשטאַנען פון די ערטער און שטורעמדיק באגריסט זייער אלטן ליבלינג.

— נו אָט,—האָט ער שמייכלענדיק א זאָג געטאָן צו זיך אליין. און די קריטיקער מאכן מיך צו גאָרנישט.

אָנגעשפארט מיט דער לינקער האַנט אפן פארענטש און מיט דער רעכטער אפן שטאָק, איז ער געזעסן א שטאַנקער, א זיכערער, אז נאָך אזא קאַבאַלעס פאָנעם וועט מען אין די מאָרגעדיקע צייַטונגען אָנהויבן ריידן גאָר אנדערש.

נאָר דעם ערשטן אקט האָט מען אופגענומען פיל קעלטער, ווי נעכטן.

גאָלדפאדענען האָט עס פארכידעשט. ער איז ארויס אין פאָיע און אָנגעהויבן צוהערן זיך וועגן וואָס רעדט מען אין די רעדלעך.

— אכדעס צווישן מיר און דעם מיליאָנער מארשאל? כא־לוי־מעס,—איז דער־שוומען צו גאָלדפאדנס אויער.

א פארטיפטער, אן אָנגעכמורעטער איז ער ארייַן צוריק איז לאָזשע און אוועק־געזעצט זיך אין א ווינקל א זיכערער, אז דער צווייטער אקט וועט דעם עולעם דערוואַרעמען. נאָר סייַ דעם צווייטן, סייַ דעם דריטן אקט האָט מען אופגענומען אָן שום אפלאָדיסמענטן.

א צונויפגעהויקערטער איז ער אוועק הינטער די קוליסן.

אפ דער בינע האָט מען איבערגעשטעלט די דעקאָראַציעס, געקלאפט, געראַשט, אייַליק געלאָפן און עמעצער איז אפילע אָנגעפאלן אפ גאָלדפאדענען, פארוואָס ער דרייט זיך דאָ ארום.

מער פון אלץ איז ער אָבער איבערראשט געוואָרן פון די אקטיאָרן. די זעלבע מענטשן האָבן אים נעכטן, דאכט זיך, געדריקט די האַנט, געדאנקט, אפלאָדירט און איצטער—באגעגנט אזוי קאלט, פרעמד, גלייַך זיי קאָנען אים ניט.

ער איז ארייַן צו טאָמאשעווסקין אין קאבינעט און שווער ארויפגעלאָזט זיך אפן דיוואן:

— עפעס שווינדלט מיך, טאָמאשעווסקי,—האָט ער מיט א געפאלענעם קאָל גע־מאָלדן—אפאָנעם פארקילט זיך. כ'וועל זיך בא אייַך אביסל צולייגן.

— ביטע, ביטע, מיטן גרעסטן קאָוועד, עפשער א גלאָז טיי מיט ראָם? דאָס וועט אייַך דערוואַרעמען, בעסי, בעסי,—האָט טאָמאשעווסקי ארייַנגערופן די פרוי.—מיס־טער גאָלדפאדן פילט זיך ניט גוט. אנו, מאך נאָר א שטיקל אָרדענונג אפן דיוואן.

ביז בעסי האָט אים אייַנגעמאָסטעט איז טאָמאשעווסקי ארייַנגעקומען מיט א גלאָז הייסע טיי געמישט מיט ראָם:

— טרינקט אויס מיסטער גאָלדפאדנ—האָט בעסי דערלאַנגט אימ די טיי—און זאָל אײַך וויל באקומענ. כ'לעבנ נעמט זיכ ניט צומ הארצנ און פאלט ניט אראָפּ באַ זיכ. טאָמאשעווסקי דערלאַנג נאָר דײַנ פוטער.

— כ'וויי נארישקײַטנ—האָט טאָמאשעווסקי געענטפערט מיט א קינסטלעכער פריילעכקײַט און אָנגעהויבנ אײַנדעקנ גאָלדפאדענעס מיטנ פוטער—ווער, ווער, נאָר איר ווייסט דאָכ, וואָס הייסט אוילעמ. איינ אָוונט נעמט מענ אופ בעסער, א צווייטנ ערגער, נאָר די פּיעסע איז דאָכ אנ אויסגעצייכנטע און נאכעס וועט נאָכ זײַנ.

— נאכעס וועט בעפּיירעש זײַנ,—האָט גאָלדפאדנ באשטעטיקט, נאָר פונ זייער קאָל, פונ זייער ארט ריידנ האָט ער דערפילט, אז סײַ טאָמאשעווסקענ, סײַ בעסיענ איז אפנ הארצנ אויכ אָנגעזאלצנ, די פּיעסע נעמט ניט אויס באמ אוילעמ, און זיי זאָגנ טרייסט-ווערטער נאָר, קעדיי ניט צו פארשאפנ אימ קיינ אגמעס נעפעש.

ניט די הייסע גלאָז טיי מיט ראָמ, ניט דער פוטער האָבנ אימ ניט דערוואַרעמט. ווי א גרויסע ווערסענע מומיע איז ער געלעגנ די אויגנ צוגעמאכט, געאָטעמט קורצ, שווער, און ניט אופגעהערט אײַנהערנ זיכ, וויאַזוי רעאגירט דער אוילעמ אינ טעאַטער-זאל.

זײַנ פיליאָריקע דערפארונג האָט אימ אויסגעלערנט פארשטיינ די שטימונג פונעמ צושויער לויט דער שטילקײַט, וואָס הערשט אינעמ זאל. גראָד איצט איז די שטילקײַט געוואָרנ געפרעסט אָנגעצויגנ, דער לעצטער אקט הייסט עס ווירקט, באלד וועט דאָס טעאטער אופדונערנ, דער אוילעמ וועט ארויסרופנ די אקטיאָרנ, ארויסרופנ אימ, דעמ אלטנ אווראָעמ גאָלדפאדענענ און אויס פיבער. נאָר אויסגעבראָכנ האָבנ שיטערלעכע אפלאָדיסמענטנ.

ער האָט פונ זיכ אראָפּגעוואָרפנ דעמ פוטער, אופגעזעצט זיכ און דאָרשטיק אָנגעהויבנ אײַנהערנ זיכ, צי רופט מענ ניט אויס זײַנ נאָמענ.

א ברויגעזער איז ארײַנגעקומענ טאָמאשעווסקי און שטומ געזעצט זיכ פארנ שפּיגל.

— נו?

— נו, נו,—האָט אימ טאָמאשעווסקי, ווי איבערגעקרימט.—דער רועכ האָט מיכ געטראָגנ נעמענ אזא...

אפּ גאָלדפאדנס פּאָנעמ האָט זיכ אויסגעגאָסנ א טיפער, טיפער צאר. אינ די אויגנ זײַנענ געבליבנ שטיינ צוויי גרויסע פינקלענדיקע טרערנ.

ער איז קוימ, קוימ אופגעשטאנענ און מיט א לאנגנ שטומענ בליק אָפּגעמאָסטנ פונ קאָפּ ביז פיס אָט דעמ געוועזענעמ פּאפּיראָסניק טאָמאשעווסקינ, וואָס מיינט, אז זײַנ גווירישקײַט גיט אימ די רעכט צו זײַנ א גראָבער אזוספּאָנעמ:

— ווענ ניט אײַערע ביליקע לידלעכ, ווענ איר שטעלט מײַנ פּיעסע אזוי, ווי איכ האָב זי אָנגעשריבנ, וואָלט קיינ דורכפאל ניט געווענ. איר הערט, טאָמאשעווסקי, קיינמאָל וואָלט ניט געווענ קיינ דורכפאל.

אָנ א זײַ געזונט איז ער ארויס, אָנגעטאָנ זיכ, און גענומענ א טאקסי.

אפּ די טרעפּ פונ זײַנ וווינונג האָט ער זיכ צענדליקער מאָל אָפּגעשטעלט, קעדיי איבערכאפּנ דעמ אָטעמ און פונ אופרעגונג אפילע ניט געקאָנט ארײַנשטעקנ דעמ שליסל אינ טיר.

פון זײַן בליק, פון זײַן געל פּנים איז דער ווײַב זײַגער אלץ קלאָר געוואָרן מיט איין מאָל. אָן ווערטער האָט זי אים געהאָלפן אויסטאָן זיך און טײקעף אַרײַנגעלייגט אין בעט אַרײַן.

— ק־קאַלט,—האָט ער, ווי אויסגעזיפּצט.

די פרוי האָט אים צוגעלייגט צו די פיס א הייסן פּעכער, אײַנגעדעקט מיט צוויי קאָלדרעס, געזעצט זיך אין א קרעסלע לעבן בעט און אין אירע אַלטע דלאָניעס אָנגעהויבן וואַרעמען זײַנע אַלטע ציטערנדיקע הענט.

א לאַנגע צײַט איז ער געלעגן מיט אַן אָפן מויל, מיט צוגעמאַכטע אויגן, אָפּט און שטיל געשלוכצט, גלײַך אַלץ וואָלט אין אים שטומערהייט געוויינט.

אין מוח האָט געעקבערט אַן איינונאיינציקער געדאַנק: פאַרוואָס איז די פּיעסע „בענאמי“ דורכגעפאַלן? זי איז דאָך פיל בעסער אָנגעשריבן געוואָרן ווי „באַר־קאָכבא“, ווי „שולאַמיס“, ווי „די קישעפמאַכערן“ און ווי צענדליקער אַנדערע זײַנע פּיעסעס, וועלכע האָבן געהאַט אַזאַ גרויסן און דויערנדיקן דערפאָלג אין אַלע עקן וועלט. אין „בענאמי“ זײַנען דאָך די געשטאַלטן בוילעטער, די מאָנאָלאָגן הייסע, די פאָרמירונג איז אויך ניט קיין שלעכטע און דאָך איז די פּיעסע דעם עולם ניט געפעלן געוואָרן.

לעכאַטשילע האָט זיך אים געדאַכט, אַז שולדיק אין אַלץ איז בלויז טאָמאַשעווסקי. ער האָט אויסגעטרײַבערט די נשמה פון דער פּיעסע און פאַרפלאַכט זי מיט ביליקע לידלעך און טענץ. קלאָר, אַז דאָס איז די סיבה, ער מוז זיך דערשלאָגן מע זאָל די פּיעסע שטעלן אַלס ריינע דראַמע און דעמלט איז זײַן נאָמען געראַטעוועט.

נאָר וואָס מער ער האָט געטראַכט, אַלץ אָפטער זײַנען אים אויפן געדאַנק געקומען די טײַנעס פון דער קריטיק אין די לינקע צײַטונגען און די ווערטער, וואָס ער האָט באַ איין רעדל אונטערגעהערט מעקויעך דעם אכדעס צווישן דעם אָרעמאַן און דעם מיליאָנער מאַרשאַל.

די צענטראַלע אידייע פון דער פּיעסע איז דאָך טאַקע אכדעס, אכדעס צווישן אַלע ייִדן אָן אונטערשייד פון זייער שטאַנד, און אָט אַזאַ אכדעס הייסט רעאַקציע? אָט אַזאַ אכדעס ווילן ניט די שנײַדערס, די שוסטערס, די סטאָליערס? צו זייער האַרץ דערגייט ער ניט? אין זייער מוח זעצט ער זיך ניט אָפּ?

גאָלדפאַדן האָט מיטאַמאָל צעעפנט די אויגן און ווי דערשראָקן אָנגעהויבן באַקוקן דאָס צימער. דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזן אויף דער ברוסט איז די פרוי געזעסן אין קרעסלע און געשלאָפן.

— פאַולינע, האָט ער זי שטיל א וועק געטאָן,—ליג זיך אין בעט אַרײַן.

— הא, וואָס!—און זי האָט גענומען טאַפּן זײַנע פאַרשוויצטע, קאַלטע שטערן:— פילסט זיך ערגער?

— ניין, פאַולינע, איך פיל זיך בעסער, ווײַל עפּעס ווערט מיר, דאַכט זיך, קלאָר.

ער האָט פאַרמאַכט די אויגן און ווידער פאַרטיפט זיך אין די געדאַנקען: אכדעס איז, הייסט עס, רעאַקציע? דער געדאַנק וועגן אכדעס דערגייט ניט צום פּראָסטן עולם? און פאַר אָט דער דאָזיקער אידייע האָט ער דאָך גאַנץ שווער באַצאָלט שוין באַם אָנהויב פון זײַן אַרטיסטישער קאַריערע.

געשען איז עס מיט 32 יאָר צוריק. נאָכ פונ די ייִנגסטע יאָרנ האָט גאָלדפאדנ גוט געוווסט, ווי שטארק עס נעמענ אויס באם אוילעם די פאָלקס־זינגער וועלוול סבארזשער, בערל בראָדער, מוישע מאראכאָווסקי, גראָדנער אונ באזונדערס יאנקעוו פסאנטער, וואָס פלעגט מיטנ צימבל גיינ פונ שטאָט צו שטאָט, פונ ייִשעוו צו ייִשעוו אונ מיט זייַנע לידער געוועקט טרערנ, פארפלאנצט פרייד אונ האָפענונג.

ארויסטרעטנ פלעגנ די אלע זינגער אפ כריסנ, אפ כאסענעס, אינ די וויַנ־קעלערס אונ אפ סימכעס.

די ליבע פונעם פאָלק צו אָט דידאָזיקע זינגער האָט אינ אים געוועקט קינע, געוואָלט האָט זיכ ווערנ אויכ אזוי באליבט באם פאָלק, ווי זיי, אונ איינמאָל בעיס דער טערקישער מילכאָמע איז גאָלדפאדנ איַנגעגאנגענ ארויסטרעטנ אינ דער רומענישער שטאָט יאסע בא שימענ מארעקנ אינ וויַנ־קעלער.

געקומענ איז ער אויסגעפוצט אינ א פראק, אינ האנטשנ, אינ א געפרעסטער שניי־וויַיסער העמד אונ אָנגעהויבנ דעקלאמירנ פארנ אוילעם זייַנ נאציאָנאלע פאָעמע „דאָס פינטעלע ייִד".

דער נאָמענ גאָלדפאדנ איז שוינ דעמאלט געווענ באוווסט, אדאנק זייַנע געדרוקטע לידער, אונ צוגעצויגנ א גרויסנ אוילעם אינ וויַנ־קעלער.

געזעסנ איז מענ בא די אָנגעשטעלטע טישלעכ, די ערשטע פינפ מינוט אופמערקזאם צוגעהערט זיכ אונ ביסלעכוויַיז אָנגעהויבנ מורמלענ, דערנאָכ פיַיפנ, שריַיענ „געוואַלד" אונ לעסאָף אראָפגעטריבנ אים פונ דער בינע.

בעשאס גאָלדפאדנ האָט דערקלאמירט, איז בא דער זיַיט געזעסנ דער שטענדיקער זינגער פונ דעם דאָזיקנ וויַנ־קעלער גראָדנער, אונ מיט גרויס אָפשיַי אונ מיט א פארליבטנ בליק געקוקט אפנ נאציאָנאלנ דיכטער, וואָס דעקלאמירט זייַנ הויכע פאָעזיע.

דערזעענדיק ווי מע טריַיבט גאָלדפאדענענ פונ דער בינע איז גראָדנער אריַנגעלאָפנ אינ א זיַיטיק צימערל, אפ גיכ אָנגעטאָנ א קאפאָטע, א יארמעלקע, צוגעקלעפט פייעלעכ אונ ארופ אפ דער בינע:

— שא, טאראראמעט ניט אזוי!—האָט גראָדנער א געשריי געטאָנ—איכ וועל איַיכ זינגענ א ליד, וואָס איז פארפאסט געוואָרנ פונ אָט דעמ זעלבנ גרויסנ דיכטער, וואָס איר האָט אָקאָרשט אזוי מיִעס אויסגעפיַיפט, גראבביאנעס!

ער האָט אָנגעהויבנ זינגענ גאָלדפאדנס „דאָס פריילעכע כאָסידל". דאכט זיכ, א געוויינלעכ סאטיריש לידל, נאָר אויגנ זייַנענ מיטאמאָל געוואָרנ ליכטיקער, פנעמער דערפרייטע אונ א גאנצע שאָ האָט מענ גראָדנערנ ניט אראָפגעלאָזט פונ דער בינע.

עטלעכע מאָל האָט ער געמוזט איבערכאזערנ „דאָס פריילעכע כאָסידל", איבערכאזערנ גאָלדפאדנס אנדערע לידער, אינ וועלכע עס איז שארפזיניק אויסגעלאכט געוואָרנ דאָס אלטע ייִדישע לעבנ, אונ נאָכ יעדער לידל האָט מענ גראָדנערנ פונ אלע זיַיטנ אונטערגעטראָגנ גלעזער וויַנ, צובייַסנ אונ געדאנקט, געדאנקט מיט ווערטער, מיט שייַנענדיקע אויגנ אונ מיט ליכטיקע שמייכלענ.

דערדאָזיקער אָונט האָט זיכ גוט איַינגעקריצט גאָלדפאדענענ אינ זיקאָרנ. פאר זייַנ נאציאָנאלער פאָעמע האָט אים דער אוילעם אויסגעפיַיפט, אראָפגעטריבנ פונ דער בינע, אונ גראָד די פראָסטע לידלעכ, וואָס שמעקנ מיטנ געזונטנ ערדישנ לעבנ,

דאַפקע זיי זײַנענ אופגענומענ געוואָרנ מיטנ הארצ, מיט אַלע געפילנ. הייסט דאָס, אַז דאָס איז, אַפּאָנעמ, טאַקע, דער ריכטיקער וועג? נאָר יענער איז דער עמעסער קינסטלער, ווער עס דערגייט צו די מיליאָנענ! קאָלומאַנ ער, גאָלדפאַדנ, האָט געשריבנ פאַר די מיליאָנענ, איז ער טאַקע געווענ געשעצט, געאַכטעט, באַליבט און די פּיעסע „בענאַמי“ איז פאַר יעכידימ, נאָר ניט פאַרנ פאָלק. הייסט עס, דעמ ערשטנ גראָבנ טאָעס איז ער באַגאַנגענ אינ די ייִנגסטע יאָרנ און דעמ זעלבנ טאָעס איבערגעכאַזערט שוינ שטייענדיק באַמ ראַנד פונעמ קייווער, אַ כאָכעמ, אַ כאָכעמ און ווידער פאָרט באַנאַרישט זיכ.

די גאַנצע נאַכט האָב ער ניט צוגעמאַכט קיינ אויג און אַלצ אונטערגעפירט דעמ סאַכאַקל פונ זײַנ גאַנצ לעבנ. אַזייגער צענ איז אימ פּלוצימ געוואָרנ ערגער:— פּאַולינע! פּאַולינע!—האָט ער דערשראָקנ אופגעוועקט דאָס ווײַב—די הענט און פיס שטאַרבנ מיר אָפּ, גיכער אַ דאָקטאָר.

זי איז אַרײַנגעלאָפנ צו אַ שאָכנ, דורכנ טעלעפאָנ אַרויסגערופנ אַ דאָקטאָר און אָנגעקלינגענ צו די אָנגעזעענסטע אַרטיסטנ.

אַז דער דאָקטאָר איז געקומענ האָט גאָלדפאַדנ שוינ געאָטעמט קורצ, שווער, כריפּענדיק געפּליִסט זיכ אַרײַנצוציִענ אַביסל לופט, נאָר ניט געקאָנט.

דער דאָקטאָר האָט אימ אַײַנגעגעבנ אַ רעפואַ און געהייסנ צעעפענענ די פענצטער. באַמ טיר האָט די אַלטיטשקע מיט די פאַרווייִנטע אויגנ געפרעגט דעמ דאָקטאָר ווי ס׳האַלט מיט איר מאַנ, נאָר דער דאָקטאָר האָט פאַרצווייפלט צעפירט מיט די הענט:

— אָפּ אַ שאָ וועט אימ עפּשער ווערנ גרינגער און ווײַטער...

אַזייגער עלפ האָבנ זיכ אָנגעהויבנ צונויפקומענ די אָנגעזעענסטע אַרטיסטנ, שרײַבער און נאָענטע. גאָלדפאַדנ איז געלעגנ מיט פאַרמאַכטע אויגנ, די הענט אויסגעצויגנ אָפּ דער קאָלדרע און הילכיק געכריפּעט.

דער שפּיצ נאָז, די לעפּלעך פונ די אויערנ, די ליפּנ און די שפּיצנ פינגער זײַנענ שוינ געווענ בלאָ.

אַרומ בעט זײַנענ אַלע געשטאַנענ שווײַגנדיק, די ווײַב איז צוגעפאַלנ צו זײַנ שטערנ און שטיל געוויינט. אָפּ איר קוקנדיק האָט זיכ הילכיק צעכליפּעט בערטע קאַליש. גאָלדפאַדנ האָט דערפילט אָפּנ פּאָנעמ דעמ ווײַבס טרערנ און אומצופרידנ אַ מאַכ געטאָנ מיט דער האַנט.

אינ אַ פּאָר מינוט אַרומ האָט ער געעפנט די אויגנ און עטוואָס אונטערגעהויבנ דעמ קאָפּ.

— ניט אָפּנ ריכטיקנ שליאַכ געטראָפנ—האָט ער שווער אויסגעכריפּעט—אוי ווי באַנאַרישט זיכ, פרײַנט מײַנע!—און מאַכטלאָז צוריק געפאַלנ אָפּנ קישנ—איכ גיי אויס.

די שטילקײַט אינ צימער איז געוואָרנ געדיכטער, פּראָסטיקער און פונ גאַס ווי אַ פרעכער געשפּעט איז דערשוועמענ אַ פּילקלאַנגיקער גערויש.

עטלעכע מינוט איז גאָלדפאַדנ געלעגנ שווײַגנדיק און הילכיק געסאָפּעט מיט דער ברוסט. די בלאָווקײַט האָט זיכ אָנגעהויבנ צעגיסנ ברייטער.

— זינגט מיר די בעסטע שטיקלעך פונ מײַנ „באר־קאָכבא“ אונ „שולאמיס“—האָט ער שטיל אויסגעפליסטערט.

אלע האָבנ אָנגעהויבנ זינגענ, אפ זײַנ פּאָנעם איז זיך צעשוווּמענ א ווייך ווארעמ שמייכעלע, נאָר טײקעפּ אויסגעלאָשנ זיך:

— פּאלשעוועסט, בערטע, האָט ער פּלוצימ א זאָג געטאָנ צו בערטע קאליש מיט א מונטערנ קאָל—קײנמאָל ניט געקאָנט טרעפנ איינ טאָנ, אפילע איצט, אז דו האָסט פּארלאָזט די יידישע בינע אונ אוועק צו די יאנקעס, האָסטו אויך ניט געטראָפנ איינ טאָנ, זינגט מיר „פּלאקער פּײַערל“.

ווי נאָר מע האָט אָנגעהויבנ זינגענ „פּלאקער פּײַערל“ האָט ער אָבער אומצופרידנ א מאך געטאָנ מיט דער האנט אונ אופּגעזועצט זיך:

— וואָס באוויינט איר מיך! די ניגונים מײַנע האָב איך פונעמ פאָלק געשעפּט אונ גאָלדפּארנ שטארבט ניט, ער גייט אויס, נאָר ס'וועט זיך נאָך צעפלאקערנ, צעפלאקערנ, זינגט־זשע פריי־לע־כער.

ער איז פּלוצימ צוגעפאלנ צומ קישנ, די הענט, דאָס פּאָנעמ זײַנענ אינגאנצנ געוואָרנ בלאָו, נאָר איינ די ווינקלענ פונעמ מויל האָט דאָס שמייכעלע אלץ געגליט. קיינער האָט ניט געהערט דעמ לעצטנ כריפּ, קיינער האָט ניט באמערקט דעמ לעצטנ גויסעס־ציטער, אונטער דעמ שטילנ געזאנג פונ „פּלאקער פּײַערל, פּלאקער“ איז גאָלדפּאדנ א שמייכלענדיקער אויסגעגאנגענ.

צו זײַנ קאלטנ שטערנ איז מיט א געוויינ צוגעפאלנ דאָס ווײַב. בא זײַנע פיס ווי אנ אונטערגעזוגטע האָט זיך ארופּגעזועצט בערטע קאליש.

---

איידעלע זיטן, דאָס צוזאמענלעבן האָט אפילע געפירט צו געוויסע פארפליכטונגען פון איינעם בענעגייע דעם צווייטן; אזוי, אז קלויד סטיוועגס האָט געקויפט זײַנע שטײַף־געפרעסטע העמדער נאָר בא דער פירמע דייוויס, וועמענס אייגנטימער—מיסטער דייוויס ס׳האָט אויך געשפּײַזט אינעם זעלבן רעסטאָראן. דערפאר האָט מיסטער דייוויס געדארפט זײַן קלויד סטיוועגס א פרײַנט וואָס איז גרייט אים צו העלפן אין צײַט פון א נויט. דאָס זײַנען געווען אזעלכע עטישע פרינציפּן וועגן וועלכע מען האָט זיך ניט צוגעפגערעדט, זיי זײַנען געווען זעלבסטפארשטענדלעך, ווײַל זיי האָבן ארויסגעדרונגען פון די סאמע טראדיציאָנעלע טיפּענישן פון אָט דער געזעלשאפט.

קלויד סטיוועגס איז אויך דעם זונטיק נאָך ארויסגעפאָרן מיטיקן אינעם רעסטאָראן אויסערן שטאָט. ער איז ווי געוויינלעך געווען אָנגעטאָן אין זײַן פראק, אינעם צילינדער און אין א שטײַף־געפרעסט העמד פון דער פירמע דייוויס.

דער מיטיק איז פארלאָפן אָן שום באזונדערע פאסירונגען, ער איז געווען פונקט אזוי אומעטיק און נודנע, ווי אלע מיטיקן ביז איצט.

עס קאָן זײַן, אז אנדערע, כיטרערע פון סטיוועגסן, האָבן שוין עפּעס געוווּסט, נאָר קלויד סטיוועגס אליין האָט נאָך גאָרניט געוווּסט וואָס אים דערוואַרט אף מאָרגן.

מאָנטיק ווערט אין אמעריקע אָנגערופן „בלו מאָנדיי" דאָס הייסט, דער אומעטיקער, מעלאנכאָלישער מאָנטיק, דער ערשטער טאָג פון דער ארבעטס־וואָך ווען ס׳איז ניטאָ קיין שום פארלאנג אָנצוהייבן די וואָך פון שקלאפערײַ און קוים זיך דערוואַרטן אפן קומענדיקן זונטיק.

מאָנטיק אינדערפרי איז קלויד סטיוועגס אוועק פון דער היים, ער האָט א קוש געטאָן זײַן שטאַלטנע פרוי אין שטערן (די קינדער זײַנען שוין פריִער געהאט אוועק אין שול), ער האָט זיך ארײַנגעזעצט אין מעטראָ (בלויז זונטיק פלעגט ער זיך פארגינען צו באנוצן זײַן פאָרד) און אוועקגעפאָרן אין א ברוקלינער קווארטאל ווו ס׳האָט זיך געפונען „זײַן" באנק.

ארום דער באנק איז געשטאנען א גרויסער אוילעם און בא דער טיר—פּאָליציי. דער אוילעם ארום דער באנק האָט געליארעמט, געדראָס, טייל האָבן זיך אפילע געוואָרפן אף סטיוועגסן, זיי האָבן אין אים דערקאָנט א באנק־אָנגעשטעלטן און אין גרויט פארצווייפלונג געמיינט, אז ער וועט זיי ארויסצאָלן כאָטש א טייל פון זייערע פארלאָרענע געלטער.

קלויד סטיוועגס האָט אפילע ניט געקאָנט ווי געהעריק איז אויסגעפינען די איינצלהײַטן פון דער פאסירונג, ווײַל ער האָט זיך פּאָשעט געדארפט ראטעווען פון די מענטשן וואָס זײַנען אים באפאלן און געדראָט. איינס איז פאר אים געווען קלאָר—אז די באנק האָט געקראכט.

בלויז איין טאָג האָבן די מענטשן באלאגערט די באנק. זיי האָבן זיך גלײַך איבערצײַגט, אז דאָס שטיין דאָ וועט זיי גאָרניט העלפן, די באנק איז ליידיק, און זיי זײַנען אוועק פון דאָרט זוכן נײַע גליקן. ערשט נעכטן האָט יעדער איינער פון זיי נאָך עפּעס פארמאָגט און הײַנט זײַנען זיי שוין אלע בעטלער וואָס האָבן קיין שום ווערט ניט.

קלויד סטיוועגס איז אַפּ צוזאַמעגגעס אוועק אויסגעפינען ווי עס האַלט מיט זײַן שטעלע, נאָר אין דער באַנק האָבן זיך שוין געפונען ווילד־פרעמדע מענטשן וועלכע האָבן דאָרט אָפּגעשריבן דאָס פאַרמעגן. זײַן טיש, בײַ וועלכן ער האָט זעכצן יאָר געאַרבעט, זײַן שטול, זײַן שרײַב־געצײַג, אַלץ איז שוין געווען אָפּגעשריבן און ווי געהעריק פאַרצײכנט. אים האָט קײנער פון די נײַע באַלעבאַטים ניט געקענט, מען האָט אים ניט געענטפערט און אַפילו אינווייניק ניט אַרײַנגעלאָזט.

סטיוועגסן האָט דער געזונטער כוש אונטערגעזאָגט, אַז אויך ער, ווי די באַנק־קרעדיטאָרן, טאָר קײן אײן רעגע ניט פאַרלירן און גלײַך זיך נעמען זוכן אַ נײַע שטעלע, ער האָט זיך דערמאָנט אין זײַן קלײן הײַזעלע וואָס ער דאַרף אַלײן אויסהאַלטן, אין זײַן פאַרנעמער, אײדעלער פרוי, אין זײַנע קינדער וואָס דאַרפן ערשט נאָך ענדיקן אַ מיטל־שול און ענדלעך אין זײַן אײגענעם שטאַנד אין דער געזעל־שאַפט, אין די זונטיק־מיטיקן.

סטיוועגס האָט גענומען באַזוכן פרײַנט און באַקאַנטע, זײ האָבן אים אַלע אויפגענומען זײער העפלעך, געבעטן זיצן און מעכאַבעד געווען, די ערשטע צײַט, מיט ציגאַרן. קײן שטעלע האָט אים אָבער קײנער אַפילו ניט צוגעזאָגט.

אַפּן צווײטן כוידעש נאָכן פאַרלירן די אַרבעט האָט קלויד סטיוועגס פאַרקויפט זײַן „פאָרדל" (צו קײן זונטיק־מיטיקן איז ער שוין סײַ ווי ניט אַרויסגעפאָרן), אַפּן דריטן כוידעש איז אים געלונגען צו קריגן בײַ אײנעם פון די פרײַנט אַ קלײנע האַלוואָע און אַפּן פערטן כוידעש, דאָס איז געווען אַרום אָנהײב סעפּטיאַבער, איז שוין קלויד סטיוועגס געבליבן אינגאַנצן אָן מיטלען צום לעבן.

פרוי סטיוועגס איז געוואָרן נאָך אײדעלער און דינער, ווי זי איז געווען, זי האָט פּאַשעט ניט געגעסן צו דער זעט, איר פײַנער קאָפּ „פּעפער און זאַלץ" איז געוואָרן גרויער.

— קלויד פלעגט זי אים זאָגן יעדן אינדערפרי — טרינק אויס דײַן קאַווע.

אַזוי איז זי געוווינט געווען אים צו זאָגן אַסאַך יאָרן קעסיידער, פון זינט זײער כאַסענע.

קלויד סטיוועגס פלעגט אויסטרינקען זײַן קאַווע און אַוועקגײן פון דער הײם ווי אַסאַך יאָרן פריער, ווען ער האָט נאָך געהאַט אַ שטעלע.

גאַנצע טעג האָט ער זיך אַרומגעדרײט איבער די אומצאָליקע גאַסן פון ניו־יאָרק. ערשט איצט האָט ער געהאַט צײַט זיך אַרומצוקוקן אַף דער וווּנדערלעכער שטאָט וואָס קאָכט איבער אין אירע געדערעם טאָג־טעגלעך נײַן מיליאָן מענטשן. ער האָט געזען די פּרעכטיקע האָטעלן און פּריוואַטע פּאַלאַצן, די בענק און רעסטאָראַנען, דעם אומאויפהערלעכן גאַנג פון אויטאָמאָבילן וואָס האַלטן אַרומגערינגלט די שטאָט מיט זײער לויף, ווי מיט אַ פעסט־צוזאַמענגעשלאָסענער קײט. ער האָט זיך צוגעקוקט צו דער מענטשן־פּראָצעסיע, האָט געוואָלט זיך עפּעס דערוויסן פון זײ, נאָר גאָרניט ניט געקאָנט דערגײן. אַף די פּנעמער פון די מענטשן האָט ער געזען שרעק, צעטראָגנקײַט און פאַרצווייפלונג.

קלויד סטיוועגס איז אַזוי געווען פאַרנומען מיט זוכן אַ שטעלע, אַז ער האָט נאָר פאַרגעסן צו טראַכטן וועגן דעם, ווי עס נעמט זײַן פרוי אַף די מאָגערע מאָל־צײַטן פאַרן הויזגעזינט. ער האָט ניט באַמערקט, ווי זי האָט ביסלעכווײַז אויספאַר-

קויפט אַלע ווערטפולע זאַכן און צירונג וואָס האָבן זיך אָנגעזאַמלט בא זיי אין משך פון אַזויפיל יאָרן.

נאָר איינמאָל אינדערפרי האָט ער דערזען, ווי בא דער פרוי אויפן האַנט פעלט דער גאָלדענער בראַסליעט, זיין ערשטע מאַטאָנע.

— העלען?—האָט ער אַ פרעג געטאָן און אין האַלדז האָט אים גענומען שטיקן.

זי האָט אים ניט געענטפערט, האָט בלויז אַרומגענומען זיין קאָפּ מיט אירע הענט, אַביסעלע געגלעט און באַרויקט.

אין יענעם טאָג איז קלויד סטיוועס אַוועק צו זיין אַלטן פריינט דייוויס, דעם אייגנטימער פון דער פירמע דייוויס, וואָס פאַרקויפט שטייף געפרעסטע העמדער.

מיסטער דייוויס איז געווען שטאַרק פאַרנומען און אים לאַנג געלאָזט וואַרטן. סטיוועס האָט פון גרויס אָרעמקייט און פאַרצווייפלונג שוין געהאַט פאַרלאָרן אַזוי־פיל זיין ווירדע, אַז ער איז געזעסן קימאַט ביז סאַמע פאַרנאַכט און געוואַרט, אַז מיסטער דייוויס זאָל אים אויפנעמען. ביים מיטאָג האָט ער נאָר געטראַכט, ווי אַזוי צו דערציילן זיין אַלטן פריינט וועגן זיין לאַגע. ער האָט געהאָפט אויף עפּעס פון דער פירמע דייוויס ווו ער האָט אַזויפיל יאָרן דורכאַנאַנד געקויפט זיינע שטייף־געפרעסטע העמדער. ער האָט דאָך דערמיט געהאָלפן באַקאַנט מאַכן די פירמע צווישן די מענטשן פון זיין געזעלשאַפט, פון זיין אַרבעטס-פּלאַץ און צווישן אַנ־דערע באַקאַנטע. אַזאַ זאַך דאַרף ווי געהעריק אויפגעשאַצט ווערן.

מיסטער דייוויס אַליין האָט אים דאָך ניט אויפגענומען, גערעדט מיט אים האָט דער געשעפטס־פירער פון דער פירמע „דייוויס עט קאָמפּ.״. ער האָט אים פאָרגעלייגט אַ קליינע שטעלע, נעמלעך—אַרומגיין באַנאַכט איבער בראָדוויי און רעקלאַמירן די העמדער פון דער פירמע.

סטיוועס האָט באַדאַנקט, ער איז אַוועק אַהיים און אויפגעלייגטער אָנזאָגן זיין פרוי די בשורה, כאָטש אויפן האַרצן איז אים געווען ביטער דערפון וואָס זיין אַלטער פריינט אַליין האָט אים ניט אויפגענומען.

קלויד סטיוועס האָט געדאַרפט נעמען אַרבעטן גלייך פון מאָרגנדיקן אָוונט אָן. דאָס איז אויסגעפאַלן פונקט דעם ערשטן פעברואַר. ער איז אַוועק צו דעם פּלאַץ ווו מען האָט אים געהייסן קומען: אַ קליינע קאָנטאָר אויף בראָדוויי, און ער האָט שוין דאָרטן געפונען אַ מענטשן פינף, זעקס כוץ אים.

סטיוועס און די איבעריקע מענטשן האָבן באַקומען ספּעציעלע קאָסטיומען — געשניטענע רעק מיט זיידענע לאַצן, מיט גרויסע אויסשניטן אין די וועסטן, הויכע, גלאַנציקע צילינדערס, שטייף-געפרעסטע העמדער מיט הויכע שטייענדיקע קראַגנס, וואָס האָבן אונטערגעהויבן דעם קאָפּ, ווי אַ כאָמוט בא אַ פערד. די העמדער האָבן אויפן סאַמע מיטן ברוסט געהאַט אַן אויפשריפט פון עלעקטריש-באַלויכטענע בוכ-שטאַבן—„די בעסטע שטייף־געפרעסטע העמדער באַקומט מען בא דער פירמע דיי־וויס עט קאָמפּ.״. הינטערן העמד, אויפן האַרצן פון איר טרעגער, האָט זיך געפונען אַ קליינע באַטאַרייע וואָס איז מיט אַ שנור געווען פאַרייניקט צו אַ קנאָפּקע אין די שיך פון דעם רעקלאַמע־טרעגער. בא יעדן טראָט וואָס דער רעקלאַמע־טרעגער האָט געשטעלט האָבן זיך די עלעקטרישע בוכשטאַבן אויף זיין האַרצן אָנגעצונדן.

מיט אָט דער רעקלאַמע האָט מען געראַפט אַרומגיין איבער דער הויפּט-גאַס

בראָדווײ און די דערנעבנ-ליגנדיקע גאסנ זעקס שאָ צײַט, פונ דעם מאָמענט ווענ דער אוילעם נעמט גײנ אינ די טעאטערס, קינאָענ און פארווײַלונגענ, ביז זײ גײענ צוריק פונ דאָרט.

קלויד סטיווענס האָט אָנגעטאָנ דעם קאָסטיום און איז דאָס ערשטע מאָל ארויס אפנ גאס. ס'איז געווענ א קאלטע, פראָסטיקע פעווראל-נאכט. בא יעדנ טראָט וואָס סטיווענס האָט געשטעלט האָבנ זיך די עלעקטרישע בוכשטאבנ אפ זײַנ הארצנ אָנגעצונדנ און א בלענד געטאָנ אים אינ פּאָנעם ארײַנ, ער איז צעטומלט געוואָרנ און גענומענ גײנ גיכער, א שטײגער, ווי ער וואָלט געוואָלט אנטלויפנ פונ זײַנ ברענענדיק הארצ. נאָר וואָס גיכער ער איז געגאנגענ, אלצ אָפטער האָבנ זיך אָנגעצונדנ די בוכשטאבנ אפ זײַנ ברוסט. איבער די גאסנ איז געלאָפנ א מענטש מיט א ברענענדיק הארצ און מיליאָנענ מענטשנ האָבנ געקוקט און געלײענט „די בעסטע שטײַפ-געפרעסטע העמדער באקומט מענ בא דער פירמע דײווים עט קאָמפ.“.

סטיווענסנ האָט זיך געדאכט, אז אלע מענטשנ דערקאָנענ אים—דעם געוועזענעם געשעפטס-פירער אינ א באנק. ס'איז געווענ די שאָ ווענ בראָדווײ ווערט פארפלײצט פונ מענטשנ און פײַערנ. די גיגאנטישע עלעקטרישע רעקלאמעס פארבלענדנ די אויגנ. אינ יענער שאָ איז בראָדווײ געגליכנ צו א גענעם-פארשטעלונג, ווו טויזנטער אקטריסעס פײַניקנ זיך נאקעטערהײט אינ קאלטע עלעקטרישע פײַערנ און גיריקע אויגנ פרעסנ זײערע לײַבער. אינ יענער שאָ לויפנ מענטשנ, ווי פארסאמטע, כאפנ א טראָפּעלע פארגעניגנ.

קלויד סטיווענס איז אינ אָט דער שאָ געגאנגענ איבער בראָדווײ מיט זײַנ ברענענדיק הארצ, דער פראָסט האָט אים געצופט דאָס לײַב הינטערנ לײַכטנ אָנטאָנ. זײַנ ווײַב מיט זײַנע קינדער זײַנענ איצט ווײַט געווענ פונדאנענ, נאָר אים האָט זיך אויסגעוויזנ, אז זײ גײענ דאָ מיט אלעמענ אינ דעם בראָדווײער פאראד און קוקנ אפ אים. זײַנע פרײַנט זײַנענ געווענ א ווײַטע דערטרונקענע דערמאָנונג. זײ גײענ דאָ איצט זיכער פארבײַ און קוקנ אפ אים.

קלויד סטיווענס האָט שוינ מער גאָרניט ניט געזענ, ער איז פארבלענדט געוואָרנ פונ די בראָדווײער פײַערנ און פונ זײַנ אײגנ ברענענדיק הארצ. ס'האָט אים געשווינדלט פאר די אויגנ, אינ קאָפּ האָט זיך אים געמישט און זײַנ נאטירלעכ, מענטשלעכ הארצ האָט זיך אזוי צונויפגעקלעמט, אז אים איז באפאלנ א שוואכקײַט. דערצו האָט ער נאָכ, פונ אופגערעגטקײַט, —א גאנצנ טאָג קימאט ניט געגעסנ און דער פראָסט האָט אים דורכגענומענ. בא אײנעם א זײער באלעבטנ ראָג פונ בראָדווײ מיט א דערנעבנדיקער גאס, האָט ער זיכ אינ עפּעס אָנגעשטויסנ, זיכ א גליטש געטאָנ און געפאלנ. ער איז געבליבנ האלב-ליגנדיק, אָנגעשפארט מיטנ רוקנ צומ שארפנ ראָג פונ א הויז, מיט זײַנ רעכטנ פוס, ווו אינעמ שוכ האָט זיכ געפונענ די מעכאנישע קנאָפּקע, האָט ער זיכ אײַנגעשפארט אינעם טראָטואר און זײַנ הארצ האָט ניט אופגעהערט צו ברענענ.

טויזנטער מענטשנ זײַנענ פארבײַגעגאנגענ און געקוקט אפ דער רעקלאמע, אפנ ברענענדיקנ הארצ פונ קלויד סטיווענסנ וואָס איז שוינ געווענ טויט, ווײַל זײַנ מענטשלעכ הארצ, הינטער דער רעקלאמע, האָט געפּלאצט פונ נויט, פונ קעלט און פונ שאנד.

---

איסער לעווינ

# פונ דער פיעסע „לייבקע סאָלדאט“

## ערשטע בילד פונ צווייטנ אקט

(פארטאָג. בא אוראָמ דעמ טויבנ אפנ הויפ. אפ א דראַבינע מיט היי ליגט אונ שלאָפט ראָכעלע. פונ שטוב גייט ארויס דער זיידע שייַע, טוט אָנ אפ זיכ דאָס רעקל).

שייַע: א גוטינקער מאָרגנ דיר ליכטיקער פארטאָג. דו ווייסט זיכ איינ זאכ. אוועקשטעלנ דעמ לעבעדיקנ מענטשנ אפ די פיס אונ דערנאָכ זאָל זיכ שוינ דער מענטש אליינ קאפּאָשקען. בייזע מענטשעלעכ נוצנ אויס דיינ שיינקייט, דייַנ ליכטיקייט פאר א שווארצנ פריצעל. אינ אזא טאָג זאָגנ זיי איז גוט צו שיסנ אינ די, וועלכע האלובענ זיכ אינ דייַנ אייביקער ריינקייט. (קוקט זיכ איינ אינ ראָכעלען). שלאָפסט, שלאָפסט נעבעכ. שלאָפ, שלאָפ מייַנ קינד, רו זיכ אויס, נעמ זיכ קינד מייַנס אָנ מיט קויעכ, דו האָסט נאָכ היפּש־היפּש צו מאטערנ זיכ. (דעקט איר איינ, קוקט אינ דער ריכטונג פונ גאָרטנ). נו אָט זיי אויכ, די הינער, ווייסנ איינ זאכ, פאטערנ אונ פלאטערנ. נאָר גיי האָב צו הינער א טייַנע, אז ניקאָלייַ איז זייער קייסער. הא־קש־קש (גייט אוועק. איבערנ פלויט שפרינגט איבער לייבקע מיט א פולנ בוזעמ עפּל, בויגט זיכ אָנ צו ראָכעלען, נעמט ארויס אסאכ עפּל אונ לייגט אוועק לעבנ ראָכעלען. גיט איר א קוש, בלייַבט זיצנ לעבנ דראַבינע אונ עסט אנ עפּל).

ראָכעלע: (אופכאפנדיק זיכ פונ שלאָפ). אוי!

לייבקע: וואָס?

ראָכעלע: לייבקע?

לייבקע: ניינ.

ראָכעלע: לייבקע דאָס איז דאָכ ניט גוט.

לייבקע: וואָסי.

ראָכעלע: וואָסי? וואָס וועט זאָגנ די וועלט.

לייבקע: פונ ווענ אָנ האָסטו אָנגעהויבנ צו טראכטנ וועגנ דער וועלט.

ראָכעלע: פארוואָס ביסטו ניט געפאָרנ אינ וואלד.

לייבקע: אינ וואלד, אונ אז איכ וועל שוינ פאָרנ אינ וואלד איז וואָס וועט זייַנ.

ראָכעלע: פאָר ניט, וועסטו קייַענ גראָז.

לייבקע: גראָז. גלאָז ניט קיינ גראָז. פאָרנ, מיט וועמענ (פאוזע). פארוואָס האָט מענ צוגענומענ בא מיכאסנ דעמ פערד, פארוואָס דארפ די מאמע ווייגענ נאָכ ליאָקומענ, וואָס האָסטו פארא געשעפטנ מיט יאָשקען. איכ האָב אימ פייַנט, דאָס זייַנענ פארגרעבטע נעפאשעס, איכ וויל ניט געשטרויכלט ווערנ דורכ אימ. (גיט איר אנ עפּל). פארזוכ, פונ גאלעכס סאָד. היילִיקע אייבס. די לעצטע צייַט טראכסטו מיר עפעס וועגנ איידעלע.

ראָכעלע: וואָס איז מיט דיר, לייבקע.

לייבקע: כ'האָב א נאכט ניט צוגעמאכט מיט קיינ אויג.

ראָכעלע: פארוואָס?

לייבקע: עס האָט אינ מיר א גאנצע נאכט געקאָכט מייַנ בלוט.

ר אָ כ ע ל ע: פונ וואָס.

ל ײ ב ק ע: פונ אלצ. איכ קענ אימ ניט אָנזעג, כ'האָב אימ פײַנט ווי א שפינ.

יאָשקע רופט דיר מוטער ראָכל אונ פירט דיכ קאטײַענ אפ זײַנ פײַעטאָנ.

ר אָ כ ע ל ע: אוי לײבקע, עס דוכט זיכ דיר אויס. ס'טראכטנ זיכ דיר אָנ שײדימ ווײסנ וואָס אונ איצטער בינדסטו זיכ.

ל ײ ב ק ע: עס דוכט זיכ מיר ניט, איכ בינ ניט קײנ פיטשינקער. איכ בינ שוינ א סאָלדאט. וואָס, כ'האָב ניט געזענ ווי דו האָסט מיט אימ.. כ'וועל אימ אײנ מאָל א גלעט טאָנ איבערנ קאָפּ, וועט ער א לעבנ זוכנ דאָס היטל. בא מיר איז ער פונ די קלײנע העלדנ. ביטערער נעפעש, די גאנאָווישע אויגעלעכ, פארשטאָכענע קעשענע. גערענק. כ'וועל דאָס אלצ באשרײַבנ ליאָקומענ, וועט ער אינ דײַנ זײַט ניט וועלנ קוקנ. נאָר לאָז זיכ צו אימ צו, וועט ער דיר מיט די שײנע רײדעלעכ פארטרײַבנ ווו שײדימ טאנצנ.

ר אָ כ ע ל ע: לײבקע איכ קענ דיר ניט פארשטײנ. עפּעס רעדסטו הײַנט מאָדנע רײד. לײבקע איכ וויל דאָס מער ניט הערנ, וואָס טראָגט דיר אזוי דײַנ קאָפּ. פונ א פינגערהויט מאכסטו א גאנצע פעסל, איכ האָב פײַנט אזעלכע רײד.

ל ײ ב ק ע: (פּארלאָרנ). נו שא, שא ראָכעלע. עפשער ביסטו גערעכט, שײדימ ווײסנ דאָס. עס טראכט זיכ מיר אָנעט אלערלײיקע געדאנקענ אונ מיר שטעלט זיכ שוינ פאָר די מיעסע זאכ. ס'איז אפּאָנעמ א נארישקײַט, ס'איז אפנ הארצנ ניט גוט, א הארצ, ראָכעלע, איז ניט קײנ גאָמלקע. פונ אונדזער ליאָקומענ איז ניטאָ קײנ בריוו (פּאוזע). ווײסט וואָס, קומ הײַנט אינ וואלד וועלנ מיר אינײנעמ קלײַבנ מאלינעס, איכ זאָג דיר—אנ אָנגעטאָנענע דעליאנקע! אײנס־צוויי קלײַבסטו אָנ א פולנ עמער. מאלינעס איז דאָכ א רעפוע־זאכ, זײ וועלנ דיר זײַנ צוגעזונט. וועסט קומענ, ראָכעלע.

ר אָ כ ע ל ע: איכ וועל זענ.

ל ײ ב ק ע: נו, וועל איכ שוינ גײנ.

ר אָ כ ע ל ע: גוט, גײ לײבקע, גײ.

ל ײ ב ק ע: וועסט נאָכ שלאָפנ?

ר אָ כ ע ל ע: נײנ, כ'וועל שוינ באלד אופשטײנ.

ל ײ ב ק ע: סאָ עס עפל, פונ עפל קומט צו בלוט. (בײדע לאכנ, לײבקע גײט אוועק).

ר אָ כ ע ל ע: (עסט אנ עפּל). אוי, לײבקע ווילדער וואָס דו ביסט, נאָר א בעריע, וואָס די וועלט פארמאָגט ניט אזא. די וואָזאקעס האָבנ אימ אלע האָלט אונ אלע האָבנ מוירע פאר אימ. זײַנעמ א פאטש קאָנ מענ אסאכ יאָרנ געדענקענ. דאָס יאָ, שלאָגנ זיכ האָט ער ניט פײַנט, נאָר איכ האָב אימ האָלט. ער איז אנ אָפענער מענטש, וואָס אפנ לונג, דאָס אפנ צונג. (לאכט) לײבקע וואָזאק. פונ אײנ מישפּאָכע מיט מיר. (ראָכעלע זינגט)

אוי ווײ מאמעניו
ניט אלצ איז אזוי גלאט,
אוי ווײ מאמעניו
דײַנ זונ איז א סאָלדאט. (עס קומט אָנ אומבאמערקבאר פאר ראָכעלענ יאָשקע).

יאָשקע: דו זינגסט.

ראָכעלע: אוי. איר זײַט געקומען. אזוי פרי. פארטאָג?

יאָשקע: (שמייכלט) בעסער אפ א שאָ פריער, ווי אפ א רעגע שפעטער. (נעמט ארום ראָכעלען).

ראָכעלע: אזעלכע קונצן האָב איך פײַנט.

יאָשקע: גאָר פײַנט.

ראָכעלע: וואָס ווילט איר פון מיר?

יאָשקע: דו אײַלסט זיך זייער. ווארט, איך האָב אפ דיר מער געווארט.

ראָכעלע: איך פארשטיי אײַך ניט.

יאָשקע: בעסער אז מע דערפילט, ווי מע פארשטייט. נו, און אז איך האָב צו דיר געדארפט קומען, דאָס האָסטו פונדעסטוועגן ניט פארגעסן, יאָ.



שטעלונג „ליבקע סאָלדאט“ אינ ווײַסרוסישן יידישן מעלוכע־טעאטער.

אפן בילד: ראָכעלע—פארדינסטפולע ארטיסטן פונ ווסס״ר—ארנאָטשיק; ליבקע—ארטיסט מאָין.

ראָכעלע: דאָס האָט מען מיר דערמאָנט.
יאָשקע: אוי, דערמאָנט, ווען?
ראָכעלע: היַינט באַגינענ.
יאָשקע: דאָס איז מיר געפעלנ. די פרײלעכסטע געדאנקענ קומענ צו פרויען באַגינענ. נאָכ דער נאכט ווערט דער קערפער אנ אויסגערוטער, קריכנ אינ קאָפּ פרישע געדאנקענ. באגינענ טראכט זיכ נאָר וועגנ הארציקע זאכנ.
ראָכעלע: אוי, איַיכ ווילט זיכ אריַינקריכנ מיט די שטיוול אינ הארצנ.
יאָשקע: (שמייכלט). ערשטנס, ניט מיט די שטיוול און, צווייטנס, דארפ איכ דיר זאָגנ... (נעמט ארום שטארק ראָכעלענ).
ראָכעלע: איכ בעט איַיכ מיט גוטנ, טשעפעט מיכ ניט, איכ בינ איַיכ ניט דעם אפטייקערס מיידלעכ, איכ בינ איַיכ ניט עלקע די גראָבע.
יאָשקע: (אופגערעגט). דאָס גיט דיר ליבקע איבער די ניַיס.
ראָכעלע: אוי זיַיט איר א מאָדנער מענטש, איכ ווייס ניט וואָס איר ווילט פונ מיר.
יאָשקע: מאָדנער, שמאָדנער, א קלוגע דארפ פארשטיינ. (נעמט איר פאר די הענט). סארא קאלטע הענט בא דיר זיַינענ. עס האָט זיכ אפאָנעם דער טוי געלייגט אפ זיי.
ראָכעלע: עס מאכט ניט אויס, כ'וועל זיי אליינ אָנוואָרעמענ. (יאָשקע נעמט זי דריקנ צו זיכ). איכ בעט איַיכ מיט גוטנ. טשעפעט מיכ ניט, לאָזט מיכ צורו! (זי שטויסט אים אָפּ).
יאָשקע: וואָס נעמסטו זיכ אזוי איבער, וואָס מאכסטו פונ דעם א גאנצנ צימעס, און אז די מילכאָמע וועט דאָס אופרעסנ וועט דיר זיַינ גרינגער.
ראָכעלע: וואָנ פונ דאנענ, איַער זוואָניע זאָל דאָ מער ניט זיַינ. וואָנ, איכ לאָז איַיכ באלד מיט עפעס אינ קאָפּ.
יאָשקע: שא, שריַי ניט, עפעס וועדליק מע דערציילט קענ דאָס נאָכ דיר פארשאטנ, עפעס רעדט מענ, אז דו קענסט נאָכ מאפל זיַינ אינ די לעצטע כאַדאָשים. (יאָשקע גייט אוועק).
ראָכעלע: (בליַיבט שטיינ אומבאוועגלעכ אפ דער דראבינע מיט די היי). ווי געפעלט דאָס ווע‌מענ, וואָס האָט ער געוואָלט פונ מיר. אזא אויסוואורפ. אוי, אוי, אוי, עס פאטויפעט זיכ גאָרניט אינ מיַינ קאָפּ. סארא פינצטערע נעשאָמע. דאָס איז דאָכ מעשוגענערוויַיס, וואָס פארא מאפל, וואָס פאקא לעצטע כאדאָשים. אוי, אוי, אוי. ליבקע, ווו איז ער, וועלכער גילגל האָט אים געבראכט צו אונדז, איכ וועל דאָס ניט פארשוויַיגנ, איכ וועל אונטערצינדנ זייערע וועלדער. ניינ, כ'וועל אים אָנטאָנ בלויע שפאקולנ, כ'וועל אים מאכנ פאר א קאליקנ. (לאָזט זיכ לויפנ מיט א שטיוול אינ דער האנט. אנטקעגנ קומט אָנ ליבקע).
ליבקע: (אופגערעגט). וואָס האָט דאָ געטראָפּנ.
ראָכעלע: ליבקע, ליבקע.
ליבקע: דאָס קליַיבסטו זיכ אזוי אינ וואלד.
ראָכעלע: ליבקעלע, ליבקע.
ליבקע: ליבקעלע? נו גוט, ליבקע (לויפט אוועק. ראָכעלע בליַיבט שטיינ אומבאוועגלעכ).

א. קולישאָוו

# דער פאָטער

ווען ס׳וועט ארומכאפּן מײַן לאַנד פון קריג א סדייפע,
מיט דעם צווייַג פון מײַ, צי מיט נאָיאבער־ווינט.
אין דער פאָרם אָנגעטאָן,
וועל איך פארלויפן
אין קינדער־גאָרטן צו מײַן אייגן קינד.

עס קוועלט באם עפּל־בוים א קרעניצע א ריינע,
קומען כ׳וועל אליין אהינצו אָט דאָס מאָל
און אָנשעפּן, מײַן טאָכטערקע מײַן שיינע
דײַן עמערל מיט וואסער ווי קרישטאָל.

עס וועט מײַן שווערד
א צווײַגעלע א בראָכטאָן,
א בלעטל וועט אין לופט זיך וויגן לאַנג,
איך וועל דיך נעמען אף די הענט מײַן טאָכטער
און דו וועסט אײַנשלאָפן פון פויגלשן געזאנג.

כ׳וועל אונטער עפּל־בוים דיך שלאָפן לאָזן
און אף מײַרעוו
פירן וועט מײַן שפאן,
ניט עסן זאָל קיין פרעמדער פערד די גראָזן,
קיין פרעמדע פוס ניט טרעטן זאָל מײַן לאַנד.

אז דער פײַנט זאָל מיט קיין בלײַ ניט קומען,
ניט ברענגען פון קיין קוילנוואַרפער פײַנ
צו אונדזער לעבן,
ליכטיק ווי דער זומער,
צו דײַן זיסן שלאָף, טאָכטערקע, דו מײַנס.

איבער די מאַיאָנטקעס וועט א שלאכט א זעצ טאָג,
אפ שווערדנ טראָגנדיק די ענדע קריג,
דאָרט אפ דער פרעמדער ערד
מײַנ טאָג מײַנ לעצטנ
וועט מעגלעכ אויסקומענ באגעגנענ מיר.

אונ צו מײַנ פאָטערלאנד—אינ טײַכנ רויש
דערגרייכנ
וועט די צאוואָע וואָס איכ גיב אצינד,
טאָכטערקע, צו דיר א מענטש וועט שמייכלענ
זאָלסט ליבנ אים, ווי איכ ליב דיכ מײַנ קינד.

מײַנ טאטע איז ער, היפש איז זײַנ מישפּאָכע
מיט זײַנ נאָמענ אונדזער ערד איז גרויס,
יעדנ יאָר ווענ יאָנטעוו
נעמט מיט פאָנענ פאָכענ
אפ רויטנ פלאצ פונ קרעמעל ר׳גייט ארויס.

זע די שטריכנ פונ זײַנ פּאָנעם, פונ זײַנ קלאָרנ,
ווי מיר
וועט דאנ דיר קלאָר ווערנ אסאכ,
ס׳איז א טאטע, וואָס אפילע זינ פארלאָרנ
האָט אפ זײַנ גרויסנ אונ זײַנ נײַעמ שליאכ.

פאר יעדנ זונ באזונדער איז געווענ שווער אים,
ס׳האָט וויי געטאָנ דאָס הארצ
אינ טרויער־טעג;
פארזשמורעט ער זײַנ אויג, די קנייטשנ אפ זײַנ שטערנ
ווי די שטרענגע איידעס פונ זײַנ שטאָלצנ וועג.

ער איז מײַנ טאטע;
אונ דער כויט מיכ שרעקט ניט אָפּעט
איכ וועל פונ אויג מײַנ גאנצע שײַנ
מײַנ לעבנ אָפּגעבנ ביז לעצטנ טראָפּנ
אונ ס׳וועלנ קינדס־קינדער,
אונדז דאנקבאר זײַנ.

פונ ווײַסרוסיש—מ. ליפשיצ.

מ. אראָנסקי

# אין יענע טעג

עזרע איז געגאנגענ פונ פּאָטשט אהיימ.

ס'האָט א פראָסטיק ווינטל געשטאָכנ דאָס פּאָנעמ. די קעלט האָט זיכ אריינגעבאנוועט אונטערנ שמויסענעמ קאָלנער. ס'האָט זיכ גיכער געגלוסט צו דער הרובע, צומ טעלער הייסנ געקעכצ, פונ וועלכנ עס גייט א געדיכטע, שמעקנדיקע פּארע.

די קינדער האָבנ באגעגנט מיט א פריידיקנ קוויטש. פּאָלינאָטשקע האָט געוויזנ לעניגס פּאָרטרעט, וואָס זי האָט אָנגעמאָלט. ליזאנקע האָט געוויזנ, אז זי האָט הײַנט אינ שול א פינפעקיקנ שטערנ אויסגענייט. מע איז געזעסנ ארומ טיש. ס'איז געווענ היימלעכ אונ וואַרעמ. ווי אלעמאָל אינ אזעלכע מינוטנ, האָט זיכ דורכגעטראָגנ א דערינערונג. ערשט פארזיבניאָר איז אינ דער זעלבער שטוב געווענ פינצטערלעכ, קאַלט אונ ליידיק, אונ הונגעריק, שטארק הונגעריק. קיינ פלייש האָט מענ ניט געזענ כאָדאָשימוויַז, מע איז אָפּגעקומענ מיטנ פּיסנע קוליש אינדערפרי אונ מיט א קארטאָפליע אפדערנאכט. אונ אווראָמ דער פליכעוואטער האָט נאָכ כויזעק געמאכט:

— עזרע פונ עזרעס וועלדל!

איצט איז עזרע א נאטשאלניק אינ פּאָטשט. אונ מע רופט אימ „כאוועד ניישטאָט“. די פּאָטשט איז, עמעס, א קליינע. דער גאנצער שטאט באשטייט פונ אימ אונ פונעמ יונגנ פעדאָראָווסקינ, דעמ טעלעגראפיסט אונ ראדיאָ-ליבהאָבער. נאָר יעדנ קענ ער, עזרע. צו דעמ איז א בריוו אָנגעקומענ, צו דעמ געלט, צו דעמ א פּאָסטקארטל. ניטאָ דער מענטש אינ אָט דעמ פיצעלע שטעטעלע, וואָס זאָל צו אימ ניט אָנקומענ.

עזרע האָט אָפּגעגעסנ, אָנגעטאָנ דיברילנ אונ זיכ געזעצט צו דער צײַטונג. די קינדער זײַנענ אויכ געווענ פארנומענ. איינע מיט אויסנײ, די צווייטע מיט לעניגס פּאָרטרעט. דאָס ווײַב האָט געפּאָרעט אינ קיכ. ס'איז געווענ שטיל. נאָר דאָס האַלצ אינ הרובע פלעגט אמאָל זיכ צעקנאקנ אונ גאָלדענע סנאָפּעס פונקענ צעשפּרייטנ. אונ פונ צײַט צו צײַט האָט דער ווינט געשורשעט באמ פענצטער, ס'האָט זיכ גערודכט, אז עמעצער זיצט דאָרט הינטער די לאָדנ.

ס'איז שוינ געווענ שפּעט, ווענ עזרע איז ארויסגעגאנגענ אינדרויסנ. דער פראָסט איז געווענ נאָכ שטארקער, דאָס ווינטל נאָכ שטעכיקער. ס'האָט פארכאפּט דעמ אָטעמ.

— אי, א קעלט!

ס'איז געוועז שטיל און ליידיק אפ די גאסן. איבער די דעכער האָבן זיך געקנוילט רויכן.

— מע האָט זיך באהאלטן און מע ווארעמט זיך.

אין פּאָטשט האָט זיך געלויכטן.

— פעדאָראָווסקי זיצט בא זיין ראַדיאָ־אופנעמער.

עזרע האָט א בארוקטער זיך אומגעקערט אין שטוב אריין, פּאריגלט די טיר. עס האָט אים געטרייסלט. ער איז פאר דער מינוט פארפרוירן געוואָרן, ווי ער זאָל שאָענוויין שטיין אפן פראָסט. איז זי געווען זיס די ווארעמקייט פון בעט. די קינדער זיינען שוין געשלאָפן, בא אים האָבן זיך אויך געקלעפּט די וויעס, ער האָט אָנגעהויבן איינדרימלען. און פּלוצעם האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין טיר. אזא אומרויקער קלאַפּ, א ציטעריקער קלאַפּ.

עזרע איז אופגעשפּרונגען:

— ווער איז?

— עפנט, כאָווער ניישטאָט, גיכער!

פעדאָראָווסקיס שטים. וואָס־זשע האָט זיך שוין בא אים געטראָפן? ער האָט זיך אפ גיך אָנגעטאָן, געעפנט די טיר. דער פראָסט איז אריין אין שטוב אריין. דאָס ווינטל האָט זיך, ווי דורכגעטראָגן איבער דער שטוב. און כאָטש די טיר איז שוין געווען פארמאכט, האָבן די ציין געקלונגען. עזרע האָט געקוקט אפ פעדאָראָווסקין. דאָס יונגע פּאָנעם איז געווען געקנייטשט און אויסגעקרומט. א שווידער האָט ארויסגעקוקט פון זיינע גרינע אויגן. די אונטערשטע קין האָט אונטערגעטאַנצט.

— וואָס איז, פעדאָראָווסקי?

יעדער סעקונדע האָט זיך אויסגעוויזן איז א טאָג.

— לעניז איז געשטאָרבן.

ווען ער איז ארויסגעגאנגען, האָט צו אים זיין ווייב געשריען:

— פארשפּיליע זיך, פארוויקל דעם האלדז.

נאָר ער האָט זיך ניט אָפּגערופן. זיי האָבן ביידע געשפּאנט מיט דער גאס. עזרע ניישטאָט און קאָליע פעדאָראָווסקי. דאָס שטעכיקע ווינטל האָט זיך געיאָגט נאָך זיי, פארלאָפן דעם וועג און ווידער צוריק. געשטאָכן נאָדלען אין די אויגן, אין די אויערן, געציפּעט די נאָז, די ליפּן.

— ווּהין גייען מיר, כאָווער ניישטאָט?

זיי האָבן זיך אָפּגעשטעלט. עזרע האָט געפרעגט:

— עפשער האָט זיך דיר אויסגעוויזן? עפשער האָסטו א טאָעס געהאט?

— כ'האָב זיך עפשער א שאָ צוגעהערט. געדרייס, געכאַפּט און... ס'איז עמעס, כאָווער ניישטאָט!

זיין שטים האָט א ציטער געטאָן. עזרע האָט זיך אומגעקוקט אפן שטעטל.

— וואָס שלאָפן זיי? מע ליגט און מע ווארעמט זיך.

ער איז צוגעגאנגען צו א שטוב, א קלאַפּ געטאָן אין פענצטער:

— היי, דו, מישע! סעקרעטאר קאָמיוגישער! שטיי אוף! און וועק אוף דיינע יאָטן.

אין אַן אַנדער פענצטער אָנגעקלאַפּט:

— סידאָרוק, קאָמנעזאַמישער פּאַרזיצער, שטיי אויף! וועק אויף דײַנע מענטשן.

וואָס ער וועקט זיי, וואָס זיי דאַרפן טון האָט ער ניט געוווּסט. נאָר ווי קען עס א שטעטל רויִק שלאָפן, אז עס האָט זיך אַזוינס געטראָפן?

די ווײַסע גאַסן זײַנען אָנגעפולט געוואָרן מיט מענטשן. מע איז געגאַנגען פון די הײַזער אין דער ציטעריקער קעלט און מיט אומרו אין די אויגן געפרעגט:

— וואָס איז, וואָס האָט זיך געטראָפן?

איבער די שטעטלדיקע און דאָרפישע הויפן האָט זיך אַוועקגעטראָגן די טרויעריקע ידיעה.

— לעניִן איז געשטאָרבן.

עמעצער האָט זיך דערמאָנט:

— מע דאַרף גיין צו ניקיפאָרן. ער האָט לענינען געזען.

זיי זײַנען אַוועקגעגאַנגען מיט די גאַסן אַהין אין יענער עקסטער גאַס, וווּ ניקיפאָר פּיסאַנקע וווינט. מע האָט געשוויגן. און ס'איז א שרעק און א שווערער טרויער געווען אין אָט דער שווײַגעניש. זיי האָבן געשפּאַנט, די מענטשן, מיט די אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. זיי האָבן שטיל געאָטעמט. דער פּאַר פון זייערע מײַלער האָט זיך געקנוילט איבער זייערע קעפּ. דער שניי האָט געסקריפּעט אונטער די פיס און ס'האָט זיך געדוכט די מענטשן זיפצן.

בא ניקיפאָרן אין שטוב איז געווען ליכטיק און וואַרעם.

א צעשויבערטער און א צעכראַסטעטער איז באַם טיש געזעסן ניקיפאָר און געקוקט מיט קאַלאַמוטנע אויגן אף די מענטשן, וואָס זײַנען צו אים געקומען.

— איך גלויב ניט...

— ס'איז אומעגלעך...

— איר באַגרײַפט דעם אומגליק?

די מענטשן האָבן ניט געענטפערט. מע איז ענג געשטאַנען און געזעסן אַרום אים און מע האָט אף עפּעס געוואַרט. די מינוטן האָבן זיך געצויגן. א שטים האָט זיך דערהערט. ס'האָט זיך געקענט דוכטן, אז דער מענטש איז פאַרכאַלעשט. ער האָט געפרעגט:

— ניקיפאָר, האָסט אים טאַקע אַליין געזען?

ווידער שווערע מינוטן פון וואַרטעניש.

— ניקיפאָר, דערצייל! דערצייל!

ניקיפאָר האָט זיי אַלעמען באַטראַכט. און ס'האָט זיך אַלץ געדאַכט, אז ער זעט קיינעם ניט און הערט ניט גאָרניט.

לענינען האָבן מיר דערזען אין סמאָלנע. ער איז געווען אַרומגערינגלט פון אַלע זײַטן מיט מענטשן. אונדזערע מענטשן, מענטשן פון ערד, פון פאַבריקן, פון קרײַסער. דאָס האַרץ איז פאַרקילט געוואָרן. מע האָט מיך א שטויס געטאָן אין א זײַט: „דו וועסט ריידן!" איך האָב א שטויס געטאָן: „דו!", „וואָס זאָל איך רעדן?" און לענין האָט אף אונדז די אויגן אויפגעהויבן. „וואָס ווילט איר, כאַווערים, זאָגן?" איך האָב דערזען דעם בליק זײַנעם און מיר האָט זיך געדוכט, אז זינט איך קען זיך, קען איך אים, דעם לײַבלעכן מענטשן. איינער האָט זיך צוגערוקט און געזאָגט:

„מיר זײַנענ אײַכ געקומענ בעטנ״...—מער האָט ער ניט געקענט אויסריידנ גאָרניט. ער איז רויט געוואָרנ, פארשעמט זיכ... פיר שאָ האָבנ מיר פארבראכט אינ סמאָלנע, אינעמ שטאב פונ דער רעוואָליוציע. ס׳האָט אינ די אויערנ געקלונגענ די ווארעמע שטימ זײַנע, ס׳איז פאר די אויגנ געשטאנענ זײַנ לײַבלעכ פאָנעמ, די פענעמער פונ זײַנע מיטקעמפער סטאלינ, טווערדלאָוו...

און אפ מאָרגנ האָט אונדזער לאָקאָמאָטיוו שוינ ווידער געפירט אפ דאָרעמ. אנ עשעלאָנ רויטגווארדייער איז געפאָרנ זיכ שלאָגנ מיט קראסנאָוונ... געפירט האָט דעמ לאָקאָמאָטיוו מאקאר דאָנטשענקאָ...

מע איז אלע ארויסגעגאנגענ. דאָס ווינטל איז פארשווּנדנ. ער איז געשטאנענ, דער דרויסנ א ווײַסער, א שטילער, א פארקילטער. דער פראָסט איז געוואָרנ נאָכ גרעסער, אפ די שווארצע פאלטעס און פעלצלעכ, אפ בערד און וואָנצעס האָט זיכ א ווײַסער פריר־טוי געזעצט, האָט זיכ געדוכט, זיי זײַנענ פונ טרויער גרוי געוואָרנ די מענטשנ. מע האָט געקוקט אהינ צומ ווײַטנ שליאכ, גלײַכ מע זאָל דאָרט זענ מאָסקווע, מאָסקווע אינ טרויער...

יענע נאכט זײַנענ די מענטשנ ניט געשלאָפנ.

און גלײַכ ס׳איז טאָג געוואָרנ, האָבנ מענטשנ דערזענ אפ עזרעס שטוב לענינס פאָרטרעט, וואָס פאָלינאָטשקע האָט אָנגעמאָלט. ער איז געווענ מיט שווארצנ קרעפ ארומגעזוימט. אפנ שווארצנ שטאָפ האָט זיכ ווײַסער פריר־טוי געזעצט. אזוינע שיינע, פיצעלעכ שטערנדלעכ. און לענינס אויגנ האָבנ געשײַנט, די קלוגע, היימישע אויגנ. ס׳איז אינ א שאָ ארומ דאָס גאנצע שטעטל באצירט געוואָרנ מיט פאָרטרעטנ, מיט רויטע פאָנענ, מיט שווארצנ באצירט. און שווארצע סטענגעלעכ האָבנ געפלאָטערט אפנ פראָסט איבער די רויטע לײַוונטנ מיט די טרויעריקע ווערטער...

איבערנ שליאכ, וואָס פירט אינ שטאָט ארײַנ האָט זיכ גערוקט א שליטנ. די עטלעכע מענטשנ זײַנענ געווענ אײַנגעקוטעט און אָנגעפעלצט, נאָז און מויל באַהאלטנ אונטער באשליקנ, אינ הויכנ שאָפענעמ פעלצ. דער פראָסט איז געוואָרנ נאָכ שטארקער. ס׳האָט זיכ געדוכט, ער גייט נאָכ פיס־טריט און ווארט אפ דער רעגע, עמעצער זאָל א נאָז ארויסשטעקנ, א מויל עפענענ, וועט ער א טשיבע טאָנ, ארײַנגאנוועענ זיכ אונטערנ פעלצ און ניט ארויס. האָט קיינער זיכ ניט גערירט, און קיינ וואָרט ניט ארויסגערעדט. אזוי איז מענ געפאָרנ.

דער ערשטער האָט זיכ א ריגעווע געטאָנ ניקיפאָר. ער האָט דעמ קאָפ ארויסגעשטעקט און צו דער זײַט, ווו עזרע איז געזעסנ, א וואָרפ געטאָנ:

— מאקאר... מאקאר דאָנטשענקאָ האָט אימ עטלעכע מאָל געזענ...

צוויי אלטינקע, וואָס זײַנענ אויבנאָנ געזעסנ, האָבנ א זיפצ געטאָנ. זיי זײַנענ פונ שטאָט אינ שטעטל געקומענ אפ א כאסענע. זייער פלעמעניצע האָט כאסענע פארנ סעקרעטאר פונ דער קאָמיוגישער אָרגאניזאציע, האָט מענ די כאסענע אָפגעלייגט, ווער ווייסט אפ ווי לאנג. דער צאר איז גרויס, דער טרויער איז טיפ... איצט איז זיי שווער אפנ הארצנ. און זיי דוכט זיכ, אז פונ דעמ, וואָס ניקיפאָר האָט זיכ אופגעהויבנ זײַנענ זיי גאָר אינ א געפאר, דער פראָסט וועט זיי אומברענגענ. דער אלטער האָט עפעס געוואָרטשעט, און א זיפצ געטאָנ. ניקיפאָר האָט אפ אימ גע־קוקט פונ א זײַט און א ווונק געטאָנ צו עזרענ:

— אנו, קומ אהער...

זיי זײַנענ ביידע אראָפגעקראָכנ פונ שליטנ. די פערד האָבנ זיכ שטיל געשלעפט בארג ארופ אונ זיי זײַנענ זיכ געגאנגענ אביסעלע ווײַטער. ניקיפאָר האָט דערציילט, אָפשטעלנדיק זיכ אלעמאָל, ווײַל ס'האָט פארכאפט דעמ אָטעמ.

מע איז ביידע געגאנגענ שווײַגנדיק. אונ איצטער האָט עזרע דאָס שווײַגנ איבערגעריסנ:

— אסאכ בריוו האָב איכ געזענ שרײַבט מענ צו לענינענ. אונ ווענ איכ האָב אזא פעקל אוועקגעשיקט, האָב איכ מײַנ א בריוול ארײַנגעלייגט. איכ האָב באשריבנ אונדזער שטעטל: ניט געווענ קיינ שול, ניט געווענ קיינ אפטייק, ניט קיינ פאָטשט, ניט קיינ טעלעגראפ אונ איצט... ניקיפאָר! די בריוו גיט מענ אימ איבער, איכ בינ זיכער, נאָר פרעגנ וועל איכ שוינ ניט קענענ... ניטאָ לענינ...

דער שליטנ האָט שוינ דעמ בארג גענומענ, דער פורמאנ האָט געשריגנ:

— גיכער זעצט זיכ!...

מע האָט זיכ שנעל דערנענטערט צו דער שטאָט.

די שטאָט האָט באגעגנט מיט א שווערער שטילקײַט. עס האָבנ געסקריפעט שליטנס, מענטשנ זײַנענ געגאנגענ מיט די גאסנ, אונ דאָכ האָט זיכ געדוכט, אז זי שווײַגט די שטאָט. פונ די באלקאָנענ האָט פונ פאָרטרעטנ אינ רויטנ אונ אינ שווארצנ ארויסגעקוקט דאָס באקענטע, נאָענטע פאָנעמ. אינמיטנ דער גרויסער גאס האָט שטיל געפלאטערט א רויטער לײַוונט מיט ווײַסע אויסיעס, מיט מאיאקאָווסקיס ווערטער:

Вечно будет Ленинское сердце клокотать

у Революции в груди

מאקארנ האָט ניקיפאָר ניט געטראָפנ. ער איז ערגעצ אינ א ווײַטנ מארשרוט געפאָרנ. אונ דארפ מאָרגנ־איבערמאָרגנ עפשער קומענ. ניקיפאָר איז געבליבנ שטיינ אינ דעפאָ, געקוקט אפ די דאָמקראטנ, אפ וועלכע עס זײַנענ געשטאנענ די לאָקאָמאָטיווג, געקוקט אפ די ארבעטער, וואָס האָבנ זיכ דאָרט שטיל געפאָרעט אונ ס'האָט זיכ ניט געגלוסט אוועקגיינ, ס'האָט זיכ געגלוסט מיט עמעצנ שטיל רעדנ. רעדנ וועגנ לענינענ, וועגנ טאָג פונ קאמפ, וועגנ פראָנט, וועגנ דאָרפ, וועגנ זונ, וואָס איז דערהארגעט געוואָרנ, וועגנ זונ, וואָס וואקסט. וועגנ אלצ. אונ ער איז ניט אוועקגעגאנגענ.

ס'איז ארײַנגעגאנגענ א מענטש אינ א ווינטערדיק היטל מיט פוטערנע אויערנ, פארבונדנ אפנ האלדז.

אונ גלײַכ נאָכ אימ האָבנ זיכ פונ די רעמאָנטירנדיקע לאָקאָמאָטיווג א לאָז געטאָנ ארבעטער מיט מעלדונגענ. ער איז געשטאנענ, דער מענטש, די פוטערנע אויערנ פונ זײַנ היטל האָבנ געסטארטשעט גראָבע אונ גרויסע, אונ ס'האָט זיכ גע־דוכט, ער האָט אָנגעשפיצט די אויערנ אונ הערט זיכ צו צומ שטילנ זשומ פונ דעפאָ.

איינער אַנ ארבעטער האָט די הענט געווישט אינ די שווארצע ברעזענטענע הויזנ:

— כאוועָר סעקרעטאר, ווארט אויס, אָט וועל איכ אויכ אָנשרײַבנ.

אָט דאָ טאקע אפ א טרעפעלע פונ לאָקאָמאָטיוו זיכ צוגעזעצט, א ביכל אונטער־געלייגט אונ גענומענ שרײַבנ. ניקיפאָר איז צו אימ צוגעגאנגענ:

— שענק א שטיקל פאפיר...

דער ארבעטער האָט די אויגנ אופגעהויבנ אפנ אומבאקאנטנ מענטשנ אונ גאָרניט

ניט געענטפערט. בלויז צונויפגעלייגט זײַנ פאפיר, פאַרזיכטיק אונ אקוראט אָפגעריסנ האלב:

— גא...

— מיט מאקאר דאַנקשענקאָנ בא לענינען געווען, צוזאמען אפ פראָנט געווען, א פויער פונ...

די טעג זײַנען געגאנגען אונ ס'האָט זיכ ניט געגלוסט אוועקפאָרנ פונ שטאָט. עס האָט זיכ געגלוסט ארומדרייענ איבער די צימערנ פונ פארטקאָם, וווּהינ מע האָט אים גערופנ איבער דער מעלדונג. עס האָט זיכ געגלוסט ארומדרייענ צווישנ די קאלטע אונ ווארעמע לאָקאָמאָטיווּנ אינ דעפאָ אונ זיכ דורכשמועסנ מיט די ארבעטער, וואָס זײַנען שוינ אים אלע באקאנט אונ היימיש.

ס'איז געוואָרנ שטארק שטיל. אנ אלטער האָט מיטנ פינגער דאָס פײַער אינ ליולקע פארלאָשנ, ווי ס'זאָל אים שטערנ.

א יונגערמאנ האָט געלייענט סטאלינס שווּע. ער האָט אָנגעהויבנ שטיל, קאלט, ניט זיכער, נאָר בא יעדנ וואָרט האָט זיכ די שטימ געשטארקט. עס האָט זיכ קיינ קאלטקײַט צו די ווערטער ניט געפאסט.

„... אוועקגייענדיק פונ אונדז האָט כאווער לענינ אָנגעזאָגט...״ „מיר שווערנ דיר, כאווער לענינ, אז מיר וועלנ מיט ערע אויספילנ אָט דעמ געבאָט דײַנעמ!״...

זיבנ מאָל האָבנ אָפּגעקלונגענ די שווּע־ווערטער. אונ אז דער יונגערמאנ האָט געענדיקט, איז נאָכ אלצ געווענ שטיל אונ קיינער האָט קיינ וואָרט ניט געוואָלט זאָגנ. דער אלטער האָט ווידער זײַנ ליולקע אָנגעצונדנ, לאנג געפיפקעט, זי זאָל זיכ צעברענען אונ דער ערשטער איבערגעריסנ די שטילקײַט:

— אָט דאָס איז געזאָגט...

ניקיפאָר האָט זיכ אופגעהויבנ:

— שלאָפ רויִק, כאווער לענינ...

אונ ניקיפאָר איז אוועק אהינ, אינ דעפאָ. . . . . . . , . . . . . . .

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

זיי זײַנען ביידע געשטאנענ לעבנ דעפאָ, ניקיפאָר אונ עזרע. דער ווינטער־פארנאכט האָט זיכ שטיל אראָפגעלאָזט אפ דער שטאָט, אפ דעמ ארומ. זי האָט געלעבט איר שטילנ לעבנ, די סטאנציע, וואָס שטעלט קיינמאָל איר ארבעט ניט אָפ. אינ דעפאָ האָט מענ נערווירט, מע האָט אלצ געקוקט אפנ זייגער. עמעצער איז דורכגעלאָפנ אונ א געשריי געטאָנ צו ניקיפאָרנ:

— דײַנ מאקאר דאָנטשענקאָ איז שוינ באמ סעמאפאָר, נאָר ער האָט זיכ אליינ עפעס אָפגעשטעלט...

ניקיפאָר האָט זיכ א וואָרפ געטאָנ אנטקעגנ צומ לאָקאָמאָטיוו, וואָס האָט שוינ באמ סעמאפאָר געדריכערט. ער האָט ניט באוויזנ צולויפנ האָט מאקארס לאָקאָמאָטיוו גענומען פײַפנ לאנג אונ וויינענדיק, אונ באלד האָבנ אלע לאָקאָמאָטיוונ אונ סירענעס אונטערגעהאלטנ. זי האָט געוויינט, די סטאנציע, אונ די שטאָט האָט מיט צענדליקער הודאָקעס זיכ אָפגערופנ. עמעצער האָט אפנ פעראָנ הילכיק געכליפעט. מאקאר איז פונ לאָקאָמאָטיוו ארויסגעשפרונגענ, דערזענ ניקיפאָרנ.

זיי האָבנ זיכ ארומגענומענ אונ אזוי שווײַגנדיק פארקילט געוואָרנ.

אונ איבער זיי האָבנ זיכ געטראָגנ די געוויינענ פונ זאוואָדנ, פאבריקנ, לאָקאָמאָטיוונ.

די לאָקאָמאָטיוונ האָבנ געדיכט געדריכערט. ער האָט זיכ געשפרייט איבער דער סטאנציע, פארשטעלט דעמ ליכטיקנ הימל, פארשווארצט דעמ ווײַסנ דרויסנ. ס'איז טונקל געוואָרנ.

מע האָט אינ מאָסקווע לענינענ אראָפגעלאָזט אינ מאווזאָליי.

---

וואָלפ (וועוויק) ראַבינאָוויטש

# 1. שאָלעמ-אלייכעמ אינ בערדיטשעוו

אינ יאָר 1898 איז שאָלעמ-אלייכעמ ספּעציעל אראָפּגעפאָרנ קיינ בערדיטשעוו צו דרוקנ זײַנ ווערק „מאָשיאַכס צײַטנ“.

דער אייגנטימער פונ דער דרוקערײַ, ווו שאָלעמ-אלייכעמ האָט פריער געהאַט געדרוקט דעמ זאמלבוכ „די יידישע פאָלקס-ביבליאָטעק“ איז דאַנ געווענ איינער פּערלמוטער.

ווענ שעפטעל איז געשטאָרבנ איז די דרוקערײַ אריבער צו זײַנ טאָכטער, וועלכע האָט כאַסענע געהאַט פאַר פּערלמוטערנ. שאָלעמ-אלייכעמ האָט שעפטעלס טאָכטער גוט געקאָנט, זי האָט זיכ פונ איר פאָטער אויסגעלערנט פירנ די דרוקערײַ. שאָלעמ-אלייכעמענ איז שטארק טײַער געווענ דער אָנדענק פונ דער צײַט, ווענ ער האָט געדרוקט די „פאָלקס-ביבליאָטעק“, האָט ער דעריבער זייער געוואָלט ארויסגעבנ זײַנע א נײַ ווערק אינ דער זעלבער באַוווּסטער שעפטעל-דרוקערײַ אונ באַנאַנד מיט דעמ זעלבנ מענטשנ, וואָס פלעגט מיט אימ אלעמאָל גיינ אהינ וועגנ די איניאָנימ, פונ דער „פאָלקס-ביבליאָטעק“.

צו פּערלמוטערנ האָט שאָלעמ-אלייכעמ מיטגענומענ מיכ אונ זײַנ אלטנ בעלאַ-צערקווער גוטנ פרײַנט, דעמ דאָקטאָר טשערני, וועמענ מ'האָט „ארויסגעוויזנ פונ בעלאַצערקאָוו איבער פּאָליטישע טיבעס. מיר האָבנ ניט געטראָפנ אינדערהיימ ניט פּערלמוטערנ אונ ניט זײַנ פרוי. מ'האָט אונדז איבערגעגעבנ, אז פּערלמוטער איז אינ דער אופּראַווע, ווו עס קומענ פאָר וואַלנ אונ מע קלײַבט א סטאַראָסטע. מיר האָבנ זיכ געלאָזט גיינ צו דער אופּראַווע ווידער אינדרײַענ. גיינ אהינ, האָבנ מיר געקאָנט מיט צוויי וועגנ, מיטנ געסל רעכטס, אָדער מיט דעמ גילדערנעמ געסל, לינקס.

— לאָמיר גיינ דאַפקע מיטנ גילדערנעמ געסל, האָט שאָלעמ-אלייכעמ געזאָגט. ס'איז קעדײַ א קוק צו טאָנ וואָס הערט זיכ דאָרטנ נײַס אונ וויאַזוי לעבט זיכ איצט אָפּ דער „קאַטשעניווקע“. נישקאָשע, צו די „וויבאָרעס“ וועלנ מיר ניט פאַרשפּעטיקנ. באַ „וויבאָרעס“ האָט מענ צײַט...

אינ דעמ גילדערנעמ געסל האָבנ געוווינט די גרעסטע נעגידימ פונ שטאָט, די גווירימ-אדירימ. שאָלעמ-אלייכעמ האָט דאָס גילדערנע געסל אָנגערופנ „די מיזרעכ-וואַנט“ אונ די אָרעמע געסלעכ—קאַטשעניווקע, וואָס זײַנענ געלעגנ אינמיטנ שטאָט, אזוי ווי צופוסנס דעמ גילדערנעמ געסל,—די קליינע פאַרכוישעכטע, אָרעמע שטיב-

לעכ ווי אפ הינערשע פיסלעכ,—האָט ער אָנגערופנ „די נאסידעלע". ווי נאָר מיר זײַנענ צוגעקומענ צו דער „מיזרעכ־וואנט", האָט ער זיכ אָפּגעשטעלט אונ מיט א פינגער אָנגעוויזנ אפ דער ערשטער שטוב פונ דער לינקער זײַט, צו דער קאטשע־ניווקע צו, וו עס האָט א היפש ביסל יאָרנ געוווינט מענדעלע מויכער ספאָרים:

— אָט דאָ הייבט זיכ אָנ די גאָלדענע גאס פונ אונדזער אָרעמער שפראכ אונ ליטעראטור. אָט דאָ אינ דעם מיכט האָט אונדזער מענדעלע געפונענ דאָס גאָלדענע „ווינטשפינגערל".

שפאנענדיק מיט אונדז ווײַטער איבער דעם גילדערנעם געסל—האָט שאָלעם אלייכעם ניט אופגעהערט צו ריידנ וועגנ מענדעלענ אונ זײַנע קסאָווים אונ צו ליבנ אים.

מיר האָבנ באקוקט די גרויסע מויערנ רעכטס אונ די כאָרעווע אײַנגעהויקערטע שטיבעלעכ פונ דער קאטשעניווקע לינקס. די מערכטע פונ זיי האָבנ זיכ אויסגע־דרייט צו דער „מיזרעכ־וואנט" מיט די טויבע ווענט, אונ זייערע קליינע קרומע פענצטערלעכ האָבנ ארויסגעקוקט צום טײַכ גנילאָפּיאט. שאָלעם־אלייכעם האָט אונדז גלײַכ געמאכט אופמערקזאם דערופ אונ האָט גענומענ טראכטנ אפ א קאָל וועגנ דעם, וואָס זאָל באטײַטנ דאָס, וואָס די פענצטערלעכ קוקנ אינ טײַכ ארײַנ:

— א טײַכ איז געגליכנ צו דער צײַט. די צײַט שטעלט זיכ קיינמאָל ניט אָפּ אונ א טײַכ שטעלט זיכ אויכ ניט אָפּ. עמעס, די גנילאָפּיאטע טוט אמאָל אָפּ א צע־לאָכעס אונ שטעלט זיכ דאפקע אָפּ אביסל אָפּרוענ. דערפאר טאקע פארדינט זי זיכ דעם אייגענעם נאָמענ, וואָס אונדזער פערעיאסלעווער יארדנ—די טרובײַלע—שטינקײַלע. אָבער פונקט אזוי טוט די צײַט אויכ אָפּ צעלאָכעס בערדיטשעוו אונ שטעלט זיכ דאָ אויכ אָפּ אביסל אָפּרוענ. טאקע דעריבער איז בערדיטשעוו אזוי אָפּגעשטאנענ פונ דער וועלט. ווידער איז א טײַכ געגליכנ צו דער צײַט דערמיט, וואָס ער שווימט שטענדיק ווײַטער אונ קיינמאָל שווימט ער ניט צוריק. וועט איר דאָכ פרעגנ וואָס פארא סמיכעס האָבנ דאָס מיט די פענצטערלעכ, וואָס קוקנ ארויס צום טײַכ? וועל איכ אײַכ דאָס טאקע שוינ קלאָר מאכנ. קאטשעניווקער ייִדנ אונ ייִדענעס קוקנ צו, וויאזוי דאָס וואסער שווימט אוועק, נעמט צו מיט זיכ אלע צעבערס מיט אומריינקײַטנ, וואָס מע גיסט פונ דאנענ ארויס אלע צאָרעס, אלע דײַגעס אונ זיי קוקנ אויכ צו, וויאזוי ס'קומט אָנ די ריינערע וואסער. אז ס'קומט אָנ ריינערע, וועט דאָכ מיסטאָמע אמאָל אָנקומענ אינגאנצנ ריינע אויכ...

דערנאָכ האָט שאָלעם־אלייכעם זיכ אוועקגעשטעלט מיט אונדז אפנ שמאָלנ טראָכוואל אנטקעגנ דער שורע גרויסע מויערנ אונ האָט אונדז אָנגעוויזנ דערופ, וויאזוי זיי שטייענ איינס לעבנ אנדערנ:

— וואָס זאָגט איר חי די ייִדישע גווירים שטופנ זיכ אביסל? איינ מויער קריכט אפנ אנדערנ. מע טרעט שוינ איינס דעם אנדערנ אפ די פיס. אינ בערדיטשעוו איז אוואדע גאָרניט גרינג צו ווערנ א גוויר, א נאָגיד. גייט פרווט שטופט זיכ אהער ארײַנ!...

ווענ מיר זײַנענ אָפּגעגאנגענ ווײַטער, האָט אונדז שאָלעם־אלייכעם אָנגעוויזנ אפ א הויז, וואָס האָט זיכ אביסל אָפּגעטיילט פונ די אנדערע אונ עס איז געווענ ניט לאנג צוגעבויט:

— אָט זעט איר, פונדעסטװעגנ איז צוגעקומענ א גװיר אינ שטאָט, ער האָט ז יכ קוימ צוגעשפאַרט פונ דער זײַט.

נאָכ אפ א ציקאװער זאכ האָט שאָלעמ־אלײכעמ אָנגעװיזנ. ער האָט אונדז געהײסנ צוקוקנ זיכ צו די באלקאָנען בא די זײַטנ פונ די טויערנ אונ האָט געזאָגט, אז זײ זעענ אויס פונקט װי גרויסע זײַט־קעשעניעס. דאָס פאסט זיכ טאקע פאר די דאָזיקע הײַזער. מיר זײַנען געשטאנענ, װי צוגעקאָװעט צומ פלאצ אונ האָבנ אלצ געקוקט אָט ארופ אפ די שװערע טויערנ אונ אָט אראָפ אפ די קלײנינקע קאטשעניװקער שטיבלעכ, װאָס זײַנענ געשטאנענ אָנגעברויגעזט אפנ גילדערנעמ געסל. ביז שאָלעמ־אלײכעמ האָט איבערגעריסנ דאָס שװײַגנ: „אָט האָט איר אײַכ דעמ גענעמ מיט דעמ פײַנעמ גאנײדנ אײנס מיטנ אנדערנ”...

די דאָזיקע װערטער זײַנע האָבנ זיכ מיר באזונדערס שטארק אײַנגעקריצט אינ זיקאָרנ. שאָלעמ־אלײכעמ האָט זיכ נאָכדעמ געלאָזט מיט אונדז גיכ גײנ אונ מיר זײַנענ פונ דעמ גילדערנעמ געסל ניט אװעקגעגאנגענ, נאָר קימאט װי אנטלאָפנ. טאקע באלד האָבנ מיר זיכ אָנגעשטויסנ אפנ גרויסנ הויפ פונעמ קארמעליטאנער קלויסטער, װו עס איז געװענ די „אופראװע”. ארײַנגעקומענ אינ דער „אופראװע”, האָט אונדז א זעצ געטאָנ אנטקעגנ א געדיכטער שװארצער רויכ פונ ליולקעס אונ ציגארנ. די לופט איז געװענ געדיכט, כאָטש שנײַד זי מיט א מעסער, אונ אנ ענגשאפט—סאקאָנעס נעפאשעס, קײנ שפילקע ניט אראָפצװארפנ. אינ דערמיט זאל איז געשטאנענ א לאנגער טיש אונ אויבנאָנ איז געזעסנ „די גרויסע ליסענע”, דער שפיגל פונ שטאָט, דער רעדלפירער. דאָס איז געװענ א רוסישער גלאסנער ראזװאָדאָװסקי. הארט באמ טיש זײַנענ געשטאנענ עטלעכע קעסטלעכ, װוהינ מ'האָט געװאָרפנ קײַלעכדיקע גאלקעס. די „װיבאָרעס” האָבנ זיכ שוינ געהאט אָנגעהויבנ. באלד האָט אונדז בא דער טיר באמערקט דער גלאסנער „שלוימעניו” ליכטענשטאט, װאָס האָט געשפילט אינ שטאָט א ראָל פונ א „ליבעראל”, א פאָפעטשיטעל”. ליכטענשטאט האָט אונדז ארײַנגעפירט טיפער אינ זאל ארײַנ.

מיר האָבנ געקוקט אפ דער פראָצעדור פונ די „װיבאָרעס” אונ האָבנ אינ אײנװעגס געזוכט מיט די אויגנ פערלמוטערנ, אָבער מיר האָבנ אימ ניט געקאָנט געפינענ. שאָלעמ־אלײכעמ האָט זיכ דערמאָנט אינ די „װיבאָרעס”, װענ מ'האָט אימ געקליבנ פאר א קאזיאָנער ראבינער. ער האָט אונדז דורכגעפירט א שטיקל פארגלײַכ פונ די דאָזיקע „װיבאָרעס” מיט „זײַנע װיבאָרעס” אונ אלעמאָל פרײלעכ געמאכט באמערקונגענ װעגנ דעמ, װיאזוי מ'האָט געװאָרפנ די גאלקעס אינ די קעסטלעכ, געשטעלט זײַנ דיאגנאָז. בעשאס די װײלער האָבנ ארײַנגעלײגט די האנט אינ קעסטל, קעדײ צו װארפנ די גאלקע, זײַנענ בא זײ די פענעמער געװענ שטארק אָנגעצויגנ אונ, אז מ'זאָל, כאָלילע, ניט דערקענענ, װוהינ זײ װארפנ די גאלקע, רעכטס אָדער לינקס. שאָלעמ־אלײכעמ האָט א לאנגע צײַט געקוקט אפ די אָנגעצויגענע פענעמער אונ האָט אלעמאָל געזאָגט מיט דער גרעסטער זיכערקײַט, געזאָגט: „זשעלאיעט” רעכטס, „ניע זשעלאיעט לינקס”, „װידעראמאָל רעכטס”, איצט שװער איכ אײַכ אז „לינקס”, „רעכטס”, א. א. װ. ער האָט זיכ אינ דעמ ארײַנגעצויגנ גאָרניט אפ קאטאָװעס אונ האָט שטארק געקוקט דורכ זײַנע פענסנע, אפ די פענעמער פונ די װײלער מיט די אויגנ פונ א דערפארענעמ פסיכאָלאָג. װאָס װײַטער

דער דאָקטער טשערני און איך האָבן זיך צוגעקוקט, ווי שאָלעם־אַליי̇כעם שטעלט עס אַלץ זײַן דיאַגנאָז, האָבן מיר אַלץ מער זיך איבערצײַגט, אַז זײַנע דיאַגנאָזן זײַנען זייער ריכטיקע, כאָטש דערוויַיַזנג דאָס בעפֿויעל מאמעש איז ניט מעגלעך געווען.

מיטאמאָל דערזעען מיר בא די קעסטלעך פּערלמוטערן. ער האָט אזש פארשאַרט דעם אַרבל פון דער רעכטער האַנט און האָט זי בעכיפּאָזן אַרײַנגעשטופּט אינעם האַלדז פונעם קעסטל. שאָלעם־אַלייכעם האָט ווידער געשטעלט זײַן דיאַגנאָז:

— הערט איר, ער האָט אַרײַנגעוואָרפן אין דער שוואַרצער זײַט אַרײַן, איך וועל אײַך נאָך אויסזאָגן א סאָד: צוויי גאָלקעס מיטאמאָל, אַז ניט, וואָס האָט ער זיך אַזוי באַדאַרפט כאַפּן, ס'איז הייסע לאָקשן?...

מיר האָבן זיך דורכגעשטופּט צו פּערלמוטערן און זײַנען צוזאַמען מיט אים אַרויס פון דער אופּראַווע. מיר האָבן קוים אָפּגערעדט פּערלמוטערן פון צו בלײַבן אַף די וויבאָרעס און זיך דערוואָרטן אַף די רעזולטאַטן און האָבן זיך געלאָזט אַלע גיין צו אים. שאָלעם־אַלייכעם האָט אין וועג דערווייַל צוגעגרייט פּערלמוטערן צום געשעפט־שמועס, און האָט אים דערציילט, אַז ער וועט איצט האָבן אסאַך אַרבעט פאַר דער דרוקערײַ. איצט איז ער דערווייַל געקומען מיט א קליין ביכל, אָבער, ריישיס, האָט נאָך דאָס ביכל א צווייטע טייל, וועהאַשיינים, הייסט דאָס ביכל „מאָ־שיאַכס צײַטן".

— איר הערט, — האָט שאָלעם־אַלייכעם מיט אים אײַנגעטײַנעט, — איך גיב אײַך מײַן וואָרט, אַז איצט וועלן טאַקע אָנקומען מאָשיאַכס צײַטן!

שאָלעם־אַלייכעם האָט זיך פאַרהאַלטן בא פּערלמוטערן און פון אים האָט ער זיך געלאָזט אויך צו אַן אַנדער פאַרלעגער.

אַהיים איז ער געקומען אַן אויפגעלעבטער:

„מאָשיאַכס צײַטן" וועלן קומען אַף דער וועלט און זיי זאָלן זיך ווײַזן פריער פון אַלץ אין בערדיטשעוו.

מיר האָבן דעם גאַנצן אָוונט שפּעט פאַרבראַכט אין הייסע שמועסן איבער דער ייִדישער ליטעראַטור. ניט געקוקט דערויף האָט זיך שאָלעם־אַלייכעם אָפּגעזאָגט גיין גלײַך שלאָפן, מיט דעם טערעץ, אַז ער וועט איצט אַלציינס ניט קאָנען אַנשלאָפן ווערן.

ער האָט אוועקגעלייגט אַפן טיש זײַן מאַנוסקריפּט „מאָשיאַכס צײַטן" און האָט זיך אוועקגעזעצט צום לעצטן מאָל, איידער דאָס ביכל גייט אוועק אין דרוקערײַ, נאָכאמאָל עס גוט דורכקוקן און אַרומשלײַפן. איך האָב געזען, אַז נאָך איידער ער האָט גענומען די פּען אין האַנט איז ער געווען שטאַרק אײַנגענעמיט, ווי פונעם וועג, אַזוי אויך, ווײַזט אויס, פון די לאַנגע דיפּלאָמאַטישע אַמפּערנישן באַם פאַרלעגער. אָבער זײַנע אויגן האָבן געלויכטן מיט א יונג פײַער, כאָטש ער האָט זיך געגרייט אָפּגעבן אין דרוק ניט קיין באַנד פון זײַנע ווערק און ניט קיין „פאָלקס־ביבליאָ־טעק", נאָר א קליין ביכל, האָט דאָך פאַר אים געהאַט דעם זעלבן גרויסן באַטײַט. ווען ער האָט פאַרלאָזט דעם טיש און האָט זיך געלייגט שלאָפן האָב איך ניט גע־הערט, נאָר דערפון, ווען ער האָט זיך דערנאָך אויפגעכאַפּט האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט זיך געלייגט אַוואַדע ערשט פאַרטאָג.

באַטאָג איז שאָלעם־אַלייכעם אַוועקגעגאַנגען אינאיינעם מיט מיר אין דער דרו־קערײַ „עזרא" אָפּגעבן דעם מאַנוסקריפּט.

* * *

שפּאַצירנדיק מיט מיר איבער בערדיטשעוו האָט מיך שאָלעם־אַלייכעם אָפּגעשטעלט אנטקעגן דעם פּוילישן קאָסטיאָל, וואָס אַף דער בעליפּילער גאַס (איצט ליבקנעכט־גאַס) און אָנגעוויזן טאַקע אַפן קאָסטיאָל:—זאָג מיר נאָר, איך בעט דיר, דו ביסט אַ בערדיטשעווער טוישעוו, באַדאַרפסטו דאָך זיכער וויסן, וואָס פאַרא גרויסער מענטש האָט כאַסענע געהאַט אין אָט דעם קאָסטיאָל. דו ווייסט ניט?...

איך האָב ניט געוווּסט. שאָלעם־אַלייכעם האָט מיר דערציילט, אַז דאָס איז געווען דער באַרימטער פראַנצויזישער שרייַבער באַלזאַק, אָט דער באַלזאַק, וועלכער האָט מיט זייַנע ווערק אויסגעבויט דעם העכסטן טורעם אין דער וועלט־ליטעראַטור.

אַזויווי דער קאָסטיאָל איז געווען אָפן און עס האָט דאָרט געשפּילט דער אָרגאַן, האָט שאָלעם־אַלייכעם פאָרגעלייגט אַרייַנגיין אַהין. מיר האָבן זיך טאַקע גלייַך געלאָזט אין קאָסטיאָל אַרייַן. בעשאַס מיר זייַנען אַרייַנגעגאַנגען אין הויף האָט שאָלעם־אַלייכעם מיט גרויס ייראַס־האַקאָווועד צו באַלזאַקן געקוקט אַף דער ברייטער סטעזשקע צום קאָסטיאָל און האָט געזאָגט אַף רוסיש (אַרום אונדז זייַנען געגאַנגען פיל פּוילישע, אָבער פּויליש האָט שאָלעם־אַלייכעם ניט געקאָנט):—וואָט זדעס שאָל וועליקי באַלזאַק!...

פאַרבייַגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און אונדז נאָכגעקוקט. מיר זייַנען מיט די שליאַפּעס אין די הענט אָפּגעשטאַנען פונפאָרנט אין קאָסטיאָל אַ לאַנגע ווייַלע. ווען מיר זייַנען פון דאָרט אַרויס האָט שאָלעם־אַלייכעם שפּאַצירנדיק מיט מיר ווייַטער לאַנג איבער עפּעס געטראַכט. ער האָט מיר געזאָגט, אַז די גאַנצע צייַט וואָס ער האָט געהערט דעם אָרגאַן האָט ער ניט אויפגעהערט צו טראַכטן וועגן באַלזאַקס ווערק, וועלכע זייַנען געוואָרן איין גרויס ווערק פון זייַן גאַנץ לעבן, אַ שיר-האַ־שירים, וואָס האָט אין זיך אַלע מעלאָדיעס, אַלע טענער פונעם לעבן, אַלע פאַרבן פון זייַן צייַט, דאָס גרויסע ווערק וועגן דער מענטשלעכער קאָמעדיע, וואָס איז באַשטאַנען קימאַט פון הונדערט באַזונדערע בענדער. שאָלעם־אַלייכעם האָט זיך לאַנג אָפּגעשטעלט אַף דעם נאָמען „די מענטשלעכע קאָמעדיע“, וואָס איז אים זייער שטאַרק געפעלן געוואָרן. ער האָט מיר געגעבן צו פאַרשטיין ווי טרעפלעך דאָס וואָרט קאָמעדיע איז, ווי פיל זאָגט באַלזאַק וועגן דעם מענטשלעכן לעבן שוין מיט דעם דאָזיקן וואָרט אַליין. ער האָט מיר געניי דערציילט, וויאַזוי באַלזאַק האָט צעטיילט זייַן גרויסע קאָמעדיע אַף פיל באַזונדערע סצענעס; סצענעס פונעם לעבן אין דער פּראָווינץ, סצענעס פון דעם פּריוואַטן לעבן, סצענעס פון פּאַריזשער לעבן, סצענעס פון דעם דאָרפישן לעבן, סצענעס פון דעם פּאָליטישן לעבן א. א. וו. דערציילנדיק דאָס האָט שאָלעם־אַלייכעם אַלעמאָל דערמאָנט אין אונדזער ייִדישער ליטעראַטור מיט די סצענעס פון דעם ייִדישן לעבן, אין די ווערק פון די ייִדישע שריפטשטעלער, איבערהויפּט אין מענדעלעס און פּינעצקיס ווערק. ער האָט אויסגעדריקט זייַנע גרויסע האָפענונגען, אַז עס וועט מיסטאָמע אויך אין דער ייִדישער ליטעראַטור געשאַפן ווערן אַזאַ שיינער טורעם, ווי באַלזאַקס, אַ ייִדישע „מענטשלעכע קאָמעדיע“.

די דאָזיקע קאָמעדיע האָט פריער פון די אַנדערע גענומען שאַפן טאַקע שאָלעם־אַלייכעם און ניט גאָר לאַנג נאָך דעם, ווי ער האָט אונטער די טענער פון דעם

אָרגאַנ זיכ פאַרטראַכט שטאַרק וועגנ באַלזאַקנ און זײַנ גרויס לעבנס־ווערק „רעב סענדער בלאַנק און זײַנ פיל געשעצטע פאַמיליע", אָדער „סענדער בלאַנק און זײַנ געזינדל", אַזוי האָט ער אָנגערופנ דעם ערשטנ שטיינ פונ דעם גרויסנ טורעם, וואָס ער האָט פאַרטראַכט צו בויענ אַזוי ווי באַלזאַק.

שפּעטער איז אים זײַנ ערשטער פּראָיעקט פונעם „טורעם" ניט געפעלנ געוואָרנ, ווײַל דעם „פּראָיעקט" האָט ער צונויפגעשטעלט, ווי ער האָט זיכ אויסגעדריקט, זיצנדיק באַם שרײַב־טיש. „איכ האָב אַ פּראָיעקט, וואָס איז פיל מאָל בעסער און שענער פונ יענעמ"—האָט מיר שאָלעמ־אַלייכעמ מיט פיל יאָרנ שפּעטער דערקלערט. דאָס איז געווענ דאַנ, ווענ ער האָט זיכ שטאַרק גענומענ צו זײַנ „קאַסרילעווקע". דער בעסערער און שענערער „פּראָיעקט" איז געווענ דער, וואָס דאָס לעבנ אַליינ האָט געהאָלפנ שאָלעמ־אַלייכעמענ צונויפשטעלנ. די ערשטע אָנצוהערענישנ און צײַכענונגענ פונ דעם דאָזיקנ פּראָיעקט האָבנ זיכ באַוויזנ באַ שאָלעמ־אַלייכעמענ נאָכ לאַנג פאַר „רעב סענדער בלאַנק און זײַנ פילגעשעצטע פאַמיליע". דאָס זײַנענ געווענ די „בילדער פונ דער בערדיטשעווער גאַס" און קורצ נאָכ דעם, ווי ער האָט אָנגעשריבנ דעם ראָמאַנ וועגנ סענדער בלאַנק און זײַנ געזינדל האָט ער פאַרצייכנט די „בילדער פונ דער זשיטאָמירער גאַס". דערנאָכ בילדער פונ דעם ייִדישנ לעבנ אינ מאַזעפּעווקע, ד. ה., פונ דער געבורט־שטאָט פּערעיאַסלעוו און מיט דער צײַט איז אויסגעוואַקסנ „גאַנצ בערדיטשעוו, וואָס ער האָט שפּעטער אָנגערופנ „דאָס נײַע קאַסרילעווקע". ער האָט געשילדערט ברייט די „מענטשלעכע קאָמעדיע" פונעם ייִדישנ לעבנ, סצענעס פונעם לעבנ אינ קאַסרילעווקע, מאַזעפּעווקע, יעהופּעצ, פונעמ דאָרפישנ לעבנ, פונעמ לעבנ פונ די ייִדישע אַקטיאָרנ, מוזיקאַנטנ און זינגערס, פונעמ קינדערשנ לעבנ א. א. וו. ער האָט מיט גרויסער פאַרהערונג און ערלעכער קינע געטרוימט צו שאַפנ אַזאַ טורעמ, ווי באַלזאַק האָט געשאַפנ און ער האָט זײַנ טרוים, זײַנ פּראָיעקט אינ זײַער אַ גרויסער מאָס פאַרווירקלעכט.

---

# 2. אינ בויעריק אַפ דער דאַטשע

שאָלעמ־אַלייכעמ האָט אָפּטמאָל צו די זומערדיקע כאָדאָשים פאַרבעטנ מיכ צו זיכ אַפ דער דאַטשע קיינ בויערקע. דאָרט וועט מענ קאָנענ פאַרברענגענ פראַנק און פרײַ אינ וואַלד און פעלד, ווי אַמאָל די ייִנגלעכ פונ אונדזער געבורט־שטאָט פּערעיאַסלעוו באַ פערליפּנ אינ גאָרטנ. עמעס, פערליפּס גאָרטנ איז געווענ באַשאָטנ מיט שאָלקאָוויצעס, סײַ די ביימער, סײַ אַפילע די ערד. ווער ס'האָט זיכ נאָר ניט געפילט לאָזנ זיכ אינ אַ שפּאַציר פונעמ שטאָט אינעם גאָרטנ האָט זיכ געקאָנט אָנעסנ מיט שאָלקאָוויצעס וויפל דאָס האַרצ גלוסט און דער בויערקער וואַלד פאַרמאָגט אַפילע ניט קיינ ריכטע יאַגעדעס. ער איז באַשאָטנ נאָר מיט שישקעס, וואָס מ'קענ זיכ מיט זיי וואַרפנ, ווי ווינטער־צײַט מיט „סניעזשקעס".

ווענ ס'פלעגנ זיכ באַווײַזנ די ערשטע יאַגעדעס, האָב איכ שוינ געהאַט דעם גוטנ סימענ (וואָס שאָלעמ־אַלייכעמ האָט מיר אים אָנגעגעבנ), אַז איכ זאָל זיכ גלײַכ אופהייבנ פונעם אָרט און אַרויספאָרנ צו אים אינ „בויבעריק" אַפ דער דאַטשע.

אינ די טעג, וואָס איכ האָב פארבראכט בא שאָלעמענ אפ דער דאטשע פלעג איכ דערזענ פאר זיכ יעדער גאנצפרי זייער אנ אינטערעסאנט בילד. אָפגעגעסנ דעמ דאטשנעמ פרישטיק, זײַנענ מיר געגאנגענ אינ סאָסנאָוונ וואלד, וואָס איז געווענ גאנצ נאָענט. שאָלעמ-אלייכעמ מיט א דינ פעקל פארשריבנס אונ ריינ פאפיר, אונ איכ מיט זײַנס א ביכל אונטערנ אָרעמ.

שאָלעמ-אלייכעמ האָט ניט געהאט זײַנע באשטימטע פלעצער אינ וואלד. מיר זײַנענ געקומענ אינ א ווינקל, וווּהינ אנדערע דאטשניקעס פלעגנ געוויינלעכ גיינ זעלטנ. דאָ זײַנענ אויכ געריכטער געוואָקסנ די סאָסנעס.

ווענ מיר זײַנענ צוגעקומענ צו זײַנ פלאצ, האָבנ מיר געטראָפנ אסאכ פייגעלעכ סײַ אפ די ביימער, סײַ אפ דער ערד. אסאכ מער ווי אינ דעמ שטיק וואלד, וואָס מיר זײַנענ דורכגעגאנגענ ביז דעמ דאָזיקנ פלאצ. די פייגעלעכ אפ די ביימער האָבנ מיט א פריילעכער פישטשערײַ געשפרונגענ פונ איינ צווײַג אפ דער אנדערער, ארי-בערגעפליגנ פונ איינ בוימ אפ דעמ אנדערנ. זיי האָבנ זיכ מיטאמאָל אראָפגעלאָזט אפ דער ערד אונ גענומענ זוכנ אינ גראָז עסנווארג. פארקערט, די פייגעלעכ, וואָס האָבנ זיכ ארומגעדרייט אפ דער ערד, האָבנ זיכ פונ מאָל צו מאָל מיט א פריילעכ פישטשערײַ געלאָזט פליענ אינדערהויכ צו דער זײַט פונ וואנענ מיר פלעגנ אָנקומענ...

שאָלעמ-אלייכעמ האָט מיכ דערויפ אויפמערקזאמ געמאכט גלײַכ פונ דעמ ערשטנ מאָל. ער האָט מיר דערקלערט, אז דאָס ווארטנ זיי אפ אימ אונ, אז דאָס האָט ער זיי צוגעוווינט צומ פלאצ. ווענ ער קומט אהער גאנצפרי גיט ער זיי אָפעסנ אונ דערנאָכ צעפליענ זיי זיכ, ווײַל נאָכ דעמ, ווי ער גיט זיי אָפ זייער פרישטיק, גייט ער אינגאנצנ ארײַנ אינ זײַנ שרײַבנ אונ זיי פארשטייענ אוואדע, אז אינ דער צײַט וועט ער זיכ צו זיי ניט צוהערנ.

ווי נאָר מיר קומענ צומ פלאצ מאכט שאָלעמ גאָר הויכ צו די פריילעכע כעווער-לײַט מיט א שטארק א דינעמ פײַפ אונ גיכ-גיכ:

— „טיופ, טיופ, טיופ, טיופ, טיופ!”... אונ נאָכאמאָל אונ איבעראמאָל אונ צומ סאָפ דינער, אזוי אז ס'באקומט זיכ שוינ בא אימ: „טפ, טפ, טפ, טפ, טפ!” ער נעמט ארויס פונ זײַנ קעשעניע א שטיקל ברויט אײַנגעוויקלט אינ פאפיר, צעברעקלט עס שטארק אונ שיט ארויס די ברעקלעכ פאר די פייגעלעכ.

נאָכ דעמ, ווי שאָלעמ-אלייכעמ שיט אויס די ברעקלעכ, בלײַבט ניט אפ די ביי-מער קיינ איינ פייגעלע. זיי שפרינגענ אלע ארומ אימ אפ דער ערד, פליענ אָנ איינס אפ דאָס אנדערע אונ ווארפנ זיכ אפ די ברעקלעכ גאָר לעבעדיק. אנ אנדער פייגעלע נעמט זיכ אפילע אָנ מיט מוט אונ שטעלט זיכ אפ א רעגע אפ זײַנ אקסל. איצט פײַפט זיי שוינ מער שאָלעמ-אלייכעמ ניט צו מיט זײַנ „טיופ, טיופ, טיופ”. ער שטייט שטיל אונ קוקט זיכ אײַנ אינ זיי, ווי ווער עס פירט זיכ בייסנ עסנ. ער הערט זיכ צו מיט פארשטאנד צו זייער פייגלשער שפראכ אונ דערקלערט מיר, אָנ-ווײַזנדיק מיט א פינגער אָט אפ איינ פייגעלע אונ אָט אפנ אנדערנ:

— זעסטו, אָט דאָס איז א מאזיק, ער קריכט אינ פאָנעמ ארײַנ... עסנ באגלײַכ מיט אלע אנדערע שטייט אימ ניט אָנ. געשמאק איז בא אימ נאָר דאָס, וואָס ער כאפט אויס. אָבער די איבעריקע, זעסטו, לאָזנ זיכ ניט שפײַענ אינ דער קאַשע. אָט דאָס פייגעלע איז נעבעכ א צוגעשלאָגנס, א פארשלאָפנס, ס'האָט מוירע צוצוטרעטנ

נאָענט צום גאַנצן אוילעם, ס'זוכט זיך בעדײַ א קלענערע סודע, נאָר בא דער זײַט, אנ א פּזרנישן.

אז די פייגעלעך עסנ אָפּ זייער דאטשנעמ פרישטיק, גיט זיי שאָלעמ־אלייכעמ צו וויסנ מיט א הייב מיט דער האנט, אז מ'דארפ זיך אָפּטראָגנ. ביסלעכווײַז, ביס־לעכווײַז צעפליענ זיי זיך אינ אלע זײַטנ. שאָלעמ־אלייכעמ זעצט זיך אוועק אפּ זײַנ דאטשנעמ בענקעלע. דאָס איז א ברייטער, גלאטער, אָפּגעזעגטער „פּענ" זייער נאָענט פונ גאָר א גראָבער סאָסנע. ער סאָרטירט אקוראט אויס די זײַטלעך פונ זײַנ א מײַסע, וואָס ער האלט אינמיטנ שרײַבנ, לייענט איבער עטלעכע זײַטלעך אונ גרייט זיך צום שרײַבנ. אונ איך גיי מיר אוועק ווײַטער לייענען.

איך באזעצ זיך אונטער א סאָסנע אונ פארטיפּ זיך אינעמ לייענען. אָבער עס לייענט זיך עפּעס ניט. כאָטש מיר איז שוינ ביז דעמ מאָל אויסגעקומענ צו זענ וויאזוי שאָלעמ־אלייכעמ שרײַבט זײַנע מײַסעס, דאָך האָב איך ניט אופגעהערט צו פרעגנ בא זיך: וויאזוי ווערנ דאָס בא אימ באשאפנ אזוינע פערל? לייענענדיק פאר־קוק איך זיך פיל מאָל אפּ שאָלעמ־אלייכעמען. אינ אָנהייב זע איך א גאנצ געוויינ־לעכ בילד: עס זיצט זיך א מענטש אפּ א „פּענ", עטוואָס אָנגעבויגנ, פארלייגט א פוס אפּ א פוס, אפּ דער קני האלט ער א פּעקעלע פּאפּיר, אזויווי א ביכל, אונ שרײַבט. אָבער וואָס ווײַטער איך קוק זיך אײַנ, זע איך, אז דאָס בילד איז גאָרניט קיינ געוויינלעכס. אפילע פונווײַטנ קאָנ מענ זענ, אז דאָס איז גאָר אנ אנדער מינ שרײַבנ. אָט שרײַבט ער גיכ־גיכ, דעמ קאָפּ אראָפּגעבויגנ זייער נידעריק, זײַנ רעכטע האנט ציטערט אונ עס קומט אויס, אז אינגאנצנ זײַנ קערפּער ציטערט עט־וואָס, דער עלנבויגנ רוקט זיך גיכ, גיכ אהינ אונ צוריק אָנ אופהער. די אויגנ זײַנענ אײַנגעגראָבנ אינעמ פּאפּיר. פּלוצימ רײַסט זיך דאָס שרײַבנ איבער. ער גלײַכט אויס דעמ רוקנ, די רעכטע האנט רוט אביסל אָפּ אונ מיט דער לינקער האלט ער צו דאָס פּאפּיר אפּ זײַנ קני. ער קוקט גלײַכ אפּ די ביימער אונ זיצט אזוי אָפּ א שטיקל צײַט אזויווי פארגליווערט, אָדער ער הייבט זיך אופ פונעמ „פּענ" אונ שפּאנט זיך דורכ א פּאָר טריט אהינ אונ צוריק. מיטאמאָל זעצט ער זיך אוועק צוריק אפּנ „פּענ" אונ ער כאפּט זיך שטארק צו צום פּאפּיר, זײַנ עלנבויגנ רוקט זיך ווידער גיכ־גיכ אהינ אונ צוריק, אהינ אונ צוריק. אמאָל בלײַבט ער זיצנ לאנג מיט א פינגער אפּ די ליפּנ אונ קוקט אפּ דער ערד, אפּ עטלעכע געציילטע איבערגעבליבענע פייגע־לעכ, וואָס האָבנ זיך פאָרט אײַנגעאקשנט אונ דרייענ זיך ארומ ניט ווײַט פונ אימ. אמאָל בייט ער שטעלט זיך פּלוצלינג אָפּ אינמיטנ גיכנ שרײַבנ בײַסט ער זיך די נעגל אונ ווארפט זיך דערנאָכ ארופּ מיט נאָכ א גרעסערנ אימפּעט אפּנ בויגעלע פּאפּיר.

פונעמ „פּענ" פלעגט זיך שאָלעמ־אלייכעמ אופהייבנ ערשט אינ א פּאָר שאָ ארומ אָדער אמאָל נאָכ שפּעטער, ווענ די זונ איז שוינ אריבער ווײַטער איבערנ קאָפּ. עס איז אימ אפּ דער דאטשע געווענ פארבאָטנ צו שרײַבנ נאָכאנאנד א לאנגע צײַט. זאָגנ אָבער, אז דאָס שרײַבנ האָט שאָלעמ־אלייכעמענ שטארק אײַנגעמיט קאָנ מענ ניט. נאָכ די שאָענ, וואָס ער האָט געשריבנ האָט ער זיך געפילט זייער גוט אונ מיר דאכט זיך, אז, פארקערט, ווענ ער וואָלט גאָרניט געשריבנ אינ פארלויפּ פונ א גאנצנ טאָג וואָלט ער זיך געוויס געפילט ניט אמבעסטנ, ווײַל ס'וואָלט אימ געפעלט דאָס שרײַבנ, וואָס איז בא אימ געווענ וויכטיקער פונ אלצ אינ דעמ לעבנ.

# פונ אלטנ אונ נײַעמ פאָלקלאָר[1]

## בא דער מוטער איז געווענ דאָס יִנגל זייער ליב...

(א רעקרוטנ־ליד)

בא דער מוטער איז געווענ דאָס יִנגל זייער ליב,
יעצט האָט מענ אימ ארײַנגעזעצט אינ א פינצטערער גריב.
שטייט דער קאנאפ מיט די דרײַ שפיצנ,
ניטאָ דער שיינער באָנינקע ווער ס׳זאָל אפ אימ זיצנ.
זײַנע שיינע שטיוועלעכ זיי שטייענ אונ קלאָגנ,
ניטאָ דער שיינער באָנינקע ווער זאָל זיי טראָגנ.
ליִגנ שוינ אנידער די זייגערס מיט די קייטנ,
לאָמיר באָנינקענ אונדזערנ באלייטנ.
אָכ אונ וויי, א יאָמער מיט א קלאָג,
באָניע דער באלעגאָלע זיצט אינ אָסטראָג.
זײַנע דארע פערדעלעכ, זיי וויינענ אונ קלאָגנ,
ניטאָ דער שיינער באָנינקע ווער ס׳זאָל אפ זיי פאָרנ.
די מוטער האָט באָניענ געווייט אונ געקליידט,
אונ איצט האָט זי אימ מיט טרערנ באגלייט.
(פארשר. אינ דובראָוונע).

---

## די קייטנ

(א קאטאָרגע־ליד)

הערט נאָר אופ קייטנ קלינגענ
אונ פארבלײַבט נאָר אפ א ווײַלע שטיל,
לאָזט שוינ מיר מײַנ הארצ אויסזינגענ,
צו דערקוויקנ מײַנ געפיל.

דאָ מוז איכ שוינ אָפשייד נעמענ
פונ מײַנע ברידער ארבעטסלײַט,
מײַנ ליבנ נאָמענ צו באקומענ
מיט מײַנ לאגע אונ מיט מײַנ צײַט.

---

[1]) די מאטעריאלנ זײַנענ גענומענ פונ דער פאָלקלאָר־סעקציע בא דער וויסנשאפט־אקאדעמיע פונ ווססר.

הערט נאָר אויס ליבע מענטשן,
וואָס מיט מיר האָט דאָ פּאסירט,
אין מײַן בעסטן בליִען, גלאנצן,
האָט מען מיך ארעסטירט.

און מע האָט מיך צוגענומען,
אין פּאָליציע מוז איך גיין,
א נײַעם נאָמען האָב איך באקומען,
הערט נאָר אויס, וועט איר פארשטיין.

און מײַן נאָמען אײַך צו צײַגן,
ארעסטאנט רופט מען מיך,
און מײַנע היטערס זײַנען די אײַזנס,
זיי באלייטן מיך קיין סיביר.

און עסן טוט מען געבן
א שטיקל טרוקן ברויט,
אך, ווי ביטער עס איז דאָס לעבן
דעם, וואָס ליגט נאָך אין א קייט.

איר'ט עפּשער מיינען, איך האָב װעמען געשטאָכן,
אָדער מענטשן אומגעבראכט,
קיין שלעסער ניט געבראָכן,
קיין טיראנסטווע ניט געמאכט.

עפּשער וועט איר װעלן פרעגן
פארוואָס קומט מיר אזא סאָפּ?
כ'האָב געוואָלט די לאגע פארבעסערן
האָט מען מיר געגעבן א שטראָף.

---

## דער פּאָגראָם אין קויטשיץ

דעם ערשטן טאָג פון שאָוועס
האָבן מיר זייער גוט פארבראכט,
דעם אנדער טאָג פון שאָוועס
האָט מען קויטשיץ כאָרעוו געמאכט.

די באנדיטן האָבן די שטאָט ארומגערינגלט,
אזוי ווי א באַנדער די פאס,
און אונדזערע ייִדישע קינדער
געשניטן, געוואָרפן אפן גאס.

א יונגערמאַנ איז פונ פּלענ געקומענ,
אַסאַך יאָר אינ פּלענ געווענ,
אונ איצט איז ער אהיים געקומענ
די באנדיטנ האָבנ זײַנ נעשאָמע דערזענ.

די קינדער שרײַענ: מאמע, מאמע,
מאמינקע, אוי, גוואלד!
— גענוג שוינ אײַך, קינדערלעך, צו שרײַענ,
מע וועט דאָך אײַך קוילענ באלד.

(פארשר. בא יאשע גאלעסניק, אנ ארבעטער. באָברויסק. 1938 י.).

---

## בוימעלע, בוימעלע, אך, ווי שיינ ביזטו

בוימעלע, בוימעלע, אך, ווי שיינ ביזטו,
כ'וועל דיך עפּעס בעטנ, הער מיך צו.
גיב מיר א צווײַגל א קליינע,
כ'וועל מאכנ מיר א פײַפעלע א שיינע.

פויגעלע, פויגעלע, אך, ווי פריילעך זינגסטו,
כ'וועל דיך עפּעס בעטנ, הער מיך צו,
א פריילעכע לידעלע זאָלסטו מיר זינגענ,
אונ איך וועל פײַפנ, טאנצנ אונ שפּרינגענ.

פעלדעלע, פעלדעלע, אך, ווי שיינ גרינסטו,
כ'וויל דיך עפּעס בעטנ, הער מיך צו.
גיב מיר א בינטעלע זאנגענ אונ בלומענ,
באגעגענענ די ארמיי, באלד וועט זי קומענ.

טײַכעלע, טײַכעלע, ווי שטראָמיק פליסטו,
כ'וויל דיך עפּעס בעטנ, הער מיך צו.
נעם מיך, לאָמיר צוזאמענ שווימענ,
ביז קיינ מאָסקווע וועלנ מיר קומענ.
וועל איך סטאלינענ א דאנק געבנ
פארנ גליקלעכנ קאָלווירטישנ לעבנ.

פארמאסט פונ א. ווערבא. באָברויסק.

צום צוואַנציקסטן יאָרטאָג פון דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק

# דעם פּרעזידיום פון אויבער-ראַט פון דער ווײַסרוסישער ססר

# דעם ראַט פון די פאָלקס-קאָמיסאַרן פון ווססר

# דעם צענטראַל־קאָמיטעט פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (באָלשעוויקעס) פון ווײַסרוסלאַנד

דער ראַט פון די פאָלקס־קאָמיסאַרן פון פאַרבאַנד ססר און דער צענטראַל־קאָמיטעט פון דער אַלפאַרבאַנדישער קאָמוניסטישער פּאַרטיי (באָלשעוויקעס) באַגריסן די אַרבעטער, קאָלווירטניקעס, אינטעליגענץ און אַלע אַרבעטנדיקע פון דער ווײַס־רוסישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפּובליק מיטן 20־טן יאָרטאָג, זינט ס'איז אײַנגעשטעלט געוואָרן די סאָוועטנמאַכט אין ווײַסרוסלאַנד און דאָס ווײַסרוסישע פאָלק איז באַפרײַט געוואָרן פון נאַציאָנאַלן דרוק.

פון אַן אונטערדריקטער, אָפּגעשטאַנענער פּראָווינץ פון צאַרישן רוסלאַנד, וואָס האָט זיך געפונען אונטערן דרוק פון די פּוילישע, רוסישע און ווײַסרוסישע פּריצים און קאַפּיטאַליסטן, און וואָס איז אין די יאָרן פון בירגער־קריג אויסגעשטאַנען די שווערקײַט פון דער אינטערווענץ פון די דײַטשישע און פּוילישע כאַיאַלעס,—איז סאָוועטן־ווײַסרוסלאַנד, אונטער דער אָנפירונג פון דער פּאַרטיי באָלשעוויקעס, צום טאָג פון זײַן צוואַנציק־יאָריקן יובילײ אויסגעוואַקסן און האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ מוסטערהאַפטער סאָוועטישער רעפּובליק, אין אַ פאָרויסגייענדיקן אַגראַר־אינדוסטריעלן לאַנד פון סאָציאַליזם אַפן מײַרעוו.

פאר די פארגאנגענע 20 יאָר האָבנ די ארבעטנדיקע פונ סאָוועטנ-ווײַסרוסלאנד זיכ דערשלאָגנ גרויסע דערפאָלגנ אינ אלע געביטנ פונ דער סאָציאַליסטישער בויונג. עס זײַנענ געשאַפנ געוואָרנ נײַע פאבריקנ אונ זאוואָדנ, די לאנדווירטשאפט איז געוואָרנ א גרויסע, קאָלווירטישע מעכאניזירטע, עס וואקסט די נאציאָנאלע ווײַס־רוסישע קולטור, אלצ העכער הויבט זיכ אופ דער קולטורעלער ניוואָ פונ די ארבע־טער, קאָלווירטניקעס אונ פונ אלע ארבעטנדיקע, עס וואקסט זייער וווילשטאנד.

די דאָזיקע דערפאָלגנ זײַנענ דערגרייכט געוואָרנ דורכ די ארבעטנדיקע פונ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד אינ אקשאָנעסדיקנ קאמפ קעגנ די בורזשואזע נאציאָנאליסטנ אונ טראָצקיסטיש־בוכארינ׳שע שפּיאָנענ אונ דיווערסאנטנ, וועלכע האָבנ זיכ געפרווט אומקערנ דאָס פרײַע ווײַסרוסישע פאָלק אונטערנ יאָכ פונ די קאפיטאליסטנ אונ נאציאָנאלנ דרוק. די ארבעטנדיקע פונ סאָוועטנ־ווײַסרוסלאנד האָבנ צעגראָמירט די דאָזיקע פײַנטלעכע נעסטנ.

דער ראט פונ די פאָלקס־קאָמיסארנ פונ בססר אונ דער צענטראל־קאָמיטעט פונ אלקפ(ב) דריקנ אויס די פעסטע זיכערקײַט, אז דאָס ווײַסרוסישע פאָלק וועט אויכ אפ ווײַטער, אפנ גרונט פונעמ דורכפירנ די לענינישע נאציאָנאלע פאָליטיק, אומדער־מידלעכ ארבעטנ איבער דער ווײַטערדיקער פארפעסטיקונג פונ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער סאָציאַליסטישער רעפובליק.

**ראטפאָלקאָמ פונ פארבאנד ססר.**
**צק אלקפ(ב).**

---

מאָסקווע, קר עמעל.

# דעם כאַווער סטאַלינ

אינעם היסטאָרישנ 20־טנ יאָרטאָג, זינט עס איז אויסגעבילדעט געוואָרנ די ווײַס־רוסישע סאָוועטישע סאָציאַליסטישע רעפּובליק, שיקט דאָס ווײַסרוסישע פאָלק זײַנ פלאַמיקנ גרוס אײַך, אונדזער גרויסער פירער, לײַבלעכער און באַליבטער כאַווער סטאַלינ.

דאָס ווײַסרוסישע פאָלק האָט קיינמאָל אין דער געשיכטע ניט געהאַט זײַנ מעלוכישקײַט. אינ פאַרלויפ פונ זייער גאַנצער ביזרעוואָלוציאָנערער געשיכטע פלעגנ די שטעט און דערפער פונ ווײַסרוסלאַנד פאַרוויסטעוועט און רויִנירט ווערנ דורכ די דײַטשישע הינט די ריטערס און טאָטערישע אָרדעס, דאָס ווײַסרוסישע פאָלק האָבנ ראַבירט און אכזאָריעסדיק אונטערדריקט די ליטווישע פעאָדאַלנ, די פּוילישע פּריצים און צאַרישע אָפּריטשניקעס. פינצטערניש און אונטערדריקונג, קראַנקײַטנ און אויסשטאַרבונג—דאָס איז געווענ דער גורל פונעם אַרבעטנדיקנ ווײַסרוס ביז דער רעוואָליוציע.

אָבער אָט דאָס פינצטערע לעבנ איז אַוועק אינ דער ווײַטער, זיכ ניט צוריק־קערנדיקער פאַרגאַנגענהײַט.

אינ רעזולטאַט פונעם זיג פונ דער גרויסער אָקטיאַבערישער סאָציאַליסטישער רעוואָליוציע, אונטער דער אָנפירונג פונ דער רומפולער באָלשעוויסטישער פאַרטיי, באַם אומיטלבאַרנ אָנטייל פונעם גרויסנ לענינ און פונ אײַכ, כאַווער סטאַלינ, האָבנ די אַרבעטער און פויערים פונ ווײַסרוסלאַנד דערגרייכט זייער סאָציאַליסטישע מעלוכישקײַט, האָבנ דערגרייכט דאָס רעכט אַפ אַרבעט, בילדונג און אַפ אַ באַזאָרגטנ, גליקלעכנ און פריידיקנ לעבנ.

אָט פאַרוואָס די אַרבעטנדיקע פונ ווײַסרוסלאַנד פאַרבינדנ מיט אײַער נאָמענ די אומאָפּהענגיקײַט און די פרײַהײַט פונ זייער לאַנד, אָט פאַרוואָס זײַנענ זיי פול מיט טיפער דאַנקבאַרקײַט און טיפער ליבע צו אײַכ—דעם גרויסנ מיטקעמפער און פאָרזעצער פונ דער זאַכ פונעם געניאַלנ לענינ.

דורכ יאָרהונדערטער וועט לעבנ דער אָנדענק וועגנ יענע היסטאָרישע טעג, ווענ איר האָט, לויט דער פאַרגעבונג פונ לענינענ פאַנאַנדערגעאַרבעט און פאַרווירקלעכט דעם געניאַלנ פּלאַנ פונ צעגראָמירנ די דײַטשישע אָקופּאַנטנ אינ די ווײַס־פּוילישע פאַרכאַפּער, ווענ באַגײַסטערט דורכ אײַכ האָט די זיגרײַכע אַרמיי פונ סאָציאַליזם אינ ענגער אייניקײַט מיט די אַרבעטנדיקע פונ ווײַסרוסלאַנד, באַ דער הילפ פונעם ברידערלעכנ רוסישנ פאָלק, אַפ שטענדיק אָפּגערייניקט די שטעט און דערפער פונ ווסטר פונ די ווײַספּוילישע אָקופּאַנטנ און פונ זייערע בורזשואַז־נאַציאָנאַליסטישע נאָכשלעפּער.

די דרײַמאָל פאראכטע טראָצקיסטיש־בוכארינישע נאציאָנאליסטישע אגענטנ פונ פאשיזמ האָבנ, לויט דער פארגעבונג פונ זײערע דײַטשיש־פּויליש באלעבאטימ געפרווּט אָפּרײַסנ ווססר פונעמ גרויסנ סאָוועטנפארבאנד אונ אומקערנ זי אונטערנ יאָכ פונ דער בורזשואז-פריצישער קנעכטשאפט. אָבער זײ האָבנ א מיעסנ טאָעס געהאט אינ כעזשבנ. אונטער אײַער אומ׳טלבארער אָנפירונג אונ בא דער הײסער שטיצע פונעמ גאנצנ ווײַסרוסישנ פאָלק האָט די סאָוועטישע אויסשפּירונג צעגראָמירט די שלאנגענ־נעסטנ פונ די סאָנימ.

דאָס ווײַסרוסישע פאָלק האָט אײַ שטענדיק פארבונדנ זײַנ גורל מיטנ גורל פונ די פעלקער פונ גרויסנ סאָוועטנפארבאנד. די סטאלינישע פרײַנטשאפט פונ די פעלקער פונ פססר איז פעסט, ווי גראניט.

די קלוגע לענינ־סטאלינישע נאציאָנאלע פּאָליטיק, אײַער, כאווער סטאלינ, פּאָטערלעכע זאָרגזאמקײַט וועגנ דעמ גליק פונ די ארבעטנדיקע האָבנ געבראכט ווססר צו א העלנ ווירטשאפטלעכנ אונ קולטורעלנ אופבלי.

ליכטיק אונ פרײדיק איז אונדזער לעבנ—דאָס לעבנ, וואָס איז פול מיט שאפונג אונ גליק, דאָס לעבנ פונ דער באגײַסטערטער פרײדיקער ארבעט צומ גונסטנ פונ אונדזער גרויסנ הײמלאנד. צו דעמ דאָזיקנ גליקלעכנ לעבנ איז אונדזער פאָלק, ווי אויכ אלע פעלקער פונ אונדזער הײמלאנד, געקומענ אונטער דער פאָנ פונ לענינ־סטאלינ, אונטער אײַער געניאלער אָנפירונג. אונ דאָס מעכטיקע הארצ פונ אונדזער פאָלק שלאָגט אינ זעלבסטאָפּפערדיקער ליבע אונ איבערגעגעבנקײַט צו אײַכ—אונדזער קלוגער פירער, אונדזער לײַבלעכער פאָטער אונ לערער.

מיר געדענקנ שטענדיק אײַער קלוגע אָנווײַזונג וועגנ דער קאפּיטאליסטישער ארומרינגלונג, וועגנ דעמ, אז מע דארפ אונדזער גאנצנ פאָלק האלטנ אינ צושטאנד פונ שטענדיקער מאָביליזיר־גרײטקײַט, האלטנ דעמ פּולווער טרוקנ אינ אָנגעזיכט פונ דער פאשיסטישער מילכאָמע־געפאר. געפינענדיק זיכ אפ דער גרענעצ מיטנ קאפּיטאליסטישנ מײַרעוו, שטײט דאָס ווײַסרוסישע פאָלק שארפזיכטיק אפ דער וואכ פונ די אָקטיאבערישע דעראָבערונגענ, מאָביליזירנדיק אלע קויכעס, זײַנ גאנצנ אײַזערנעמ ווילנ, זײַנ גאנצע ברויזנדיקע ענערגיע צו די נײַע זיגנ פונ סאָציאליזמ.

אונ אויב דער סוינע וועט וואגנ אָנפאלנ אפ אונדז, וועלנ מיר אימ אָנ ראכמאָנעס שלאָגנ אפ יענער טעריטאָריע, פונוואנענ ער וועט קומענ, ביזנ סאָפ, ביז ער וועט פולשטענדיק פארניכטעט ווערנ.

גרויס, מעכטיק אונ אומבאזיגבאר איז דאָס סאָוועטישע פאָלק, וואָס איז באהעפט ארומ דער אלפארבאנדישער קאָמוניסטישער פארטײ באָלשעוויקעס, ארומ דעמ גרויסנ, לײַבלעכנ אונ באליבטנ פירער כאווער סטאלינ.

זאָל לעבנ דער סטאלינישער געשטערנ פונ די ברידערלעכע סאָוועטישע סאָציאליסטישע רעפּובליקנ!

זאָל לעבנ אונדזער רומפולע אומבאזיגבארע פארטײ פונ לענינ־סטאלינ!

זאָל לעבנ דער קלוגער פירער פונ דער ארבעטנדיקער מענטשהײַט, דער באגײַסטערער אונ אָרגאניזאטאָר פונ די זיגנ פונ סאָציאליזמ, דער שעפער פונ דער ווײַסרוסישער סאָוועטישער מעלוכישקײַט, דער בעסטער פרײַנט פונ ווײַסרוסישנ פאָלק—אונדזער גרויסער סטאלינ!

---

א. בראכמאַן

# פון דער געשיכטע פונעם ייִדישן קלערי־קאַליזם אין רוסלאַנד

## דער פינפטער קאַבינעט (לשכה השחורה)

1

עס איז קימאַט ווי ניט באַוווּסט דער ברייטער געזעלשאַפטלעכקייט, אַז עס האָט עקזיסטירט בא די ייִדן אין רוסלאַנד, אָנהויבנדיק פון די 70־ער יאָרן פון 19 יאָרהונדערט, אַ צענטראַלע קריגערישע אָרגאַניזאַציע פונעם קלער, אַ קאַמפּ־אָרגאַניזאַציע פון די פינצטערסטע קויכעס פון די ראַבאָנים און קלייקוידעש קעגן דעם דערוואַכן פון די ייִדישע פאָלקס-מאַסן, קעגן קולטור און בילדונג, קעגן פרייַהייטס־גייַסט און רעוואָליוציאָנערע שטרעבונגען. דער געוויינלעכער האַמוין־ייִד, דער פאָלקס־מענטש, וואָס האָט פונעם סאָף פון 19 יאָרהונדערט אָנגעהויבן אויפכאַפּן זיך פונעם לאַנגדויערנדיקן שלאָף, פון „געהאָרכזאַמקייַט" און „אונטערטעניקייַט" ווי פון דעם צאַר מיט זייַנע מיניסטאָרן און טשינאָווניקעס — פּאָגראָמשטשיקעס, אַזוי דער טויזנטיאָריקער פינצטערער מאַכט פון ראָוו און גוויר האָט ניט געקענט אָנשטויסן זיך אָף דעם פאַקט פון דער הערשאַפט און ווילקיר פונעם ייִדישן קלער. נאָך ווייניקער האָט דער דאָזיקער פאַקט געקענט דורכגיין אומבאַמערקט פאַר דער באַוועגונג פון די ייִדישע אַרבעטער, פאַר די פאָרגעשריטענע ייִדישע אַרבעטער און אינטעליגענטן, וועלכע האָבן זיך פון סאָף פון פאָריקן יאָרהונדערט ווי אָרגאַניזירטע אַרבעטערישע, סאָציאַליסטישע קרייַזן אַרויסגערוקט אין די ייִדישע שטעט און שטעטלעך און טאָגטעגלעך אָנגעשטויסן זיך אָף דעם ווידערשטאַנד און פאַרשווערונגען פון די פינצטערע ראַבאָניש-קלעריקאַלע קויכעס אינעם ייִדישן לעבן. און דאָך איז עס אַ פאַקט, אַז די מאַסן פון יענער צייַט האָבן געהאַט אַ זייער בלייכע, מטושטשעשע, אַלגעמיינע פאָרשטעלונג וועגן דער אָרגאַניזאַציע פון זייער סוינע — פונעם ייִדישן קלער. עס האָט דאָמינירט די פאָרשטעלונג, אַז די ראַבאָנים שטעלן מיט זיך פאָר אַ צעשטויבטע, צעבראָקלטע, לאָקאַלע קראַפט, אַז דער ראָוו שטיצט זיך אינעם קאַמפּ מיטן ערוואַכטן פאָלק און זייַן פּראָלעטאַרישן אַוואַנגאַרד אָף די אָרטיקע ייִדישע געטאָ־אינסטיטוציעס — אָף דער קהילה מיט אירע פאַרצווייַגטע אָרגאַניזאַציעס,

אפ דער אינערציע פונ די פּאָלקסמאסנ. עס איז א לאנגע צײַט פארבליבנ ווי א סאָד, ווי א טיפע געהיימניש דער פאקט, אז די ייִדישע ראבאָנימ האָבנ געהאט זייער אנ אלגעמיינע אָרגאניזאציע מיט אנ אָנפירנדיקנ שטאב, אז די דאָזיקע קאמפּס־אָרגאניזאציע פונעמ ייִדישנ קלער האָט זיכ אויסגעבויט אפ נײַע יעסוירעס און מעטאָדנ. לאנגזאמ און מיט ביטערער שווערער דערפארונג האָבנ די ייִדישע ארבעטער און ארבעטנדיקע געלערנט די לערע פונ קלאסנקאמפּ אינ דער פּראקטיק און אפ איר גרונט האָבנ זיי זיכ געלערנט צו דערקענענ און אופדעקנ די פינצטערע טעטיקײַט פונ דעמ ייִדישנ קלער, אלס זייער פארביסנסטנ סוינע.

די ייִדישע ליבעראלע אינטעליגענצ פונ יענער צײַט, עפּיגאָנענ פונ דער ייִדישער אופקלערערײַ פונעמ מיטנ פונ 19 יאָרהונדערט, סײַ די נאציאָנאליסטיש־מאסקילישע, סײַ די רוסיפיצירטע עלעמענטנ אירע, האָבנ ניט געהאט קיינ אינטערעס און קיינ כיישעק אופדעקנ פאר די מאסנ די געהיימע פינצטערע טעטיקײַט פונעמ ייִדישנ קלער. די דאָזיקע ליבעראלע מאסקילישע עלעמענטנ זײַנענ אינ זייערע בעסטע צײַטנ אויסער זעלטענע אויסנאמענ, ניט געווענ פארבינדנ מיט די ייִדישע מאסנ און פונ דער צווייטער העלפט פונ 19־טנ יאָרהונדערט אָנ, באזונדערס פונ די 70־80־ער יאָרנ, האָבנ זיי מיטנ פּאָלק איבערגעריסנ—ווער אינ נאָמענ פונ א בורזשואזנ גאניידנ אויסער דער טשערטא אָסעדלאָסטי מיט אירע ייִדעלעכ, ווער אינ נאָמענ פונ א פּאלעסטיניש־נאציאָנאליסטישנ פאנטאָמ אויכ אָנ די ייִדישע מאסנ. פונעמ סאָפ פונ 19־טנ יאָרהונדערט, זינט די אלגעמיינע רעוואָליוציאָנערע באוועגונג אינ רוסלאנד האָט אויכ ארומגעכאפּט די ייִדישע ארבעטער און יוגנט און ארײַנגעטראָגנ אופרודערונג אינ דער ביז איצט געהאָרכזאמער, געדולדיקער מאסע, הויבנ אָנ די דאָזיקע מאסקיליש־אינטעליגענטע עלעמענטנ זייער איבערגאנג אינעמ לאגער פונ די אנטיפּאָלקישע קויכעס ביז זיי פארענדיקנ זייער היסטאָרישע ראָליע אינ דער עפּאָכע פונ די רעוואָליוציעס פונ 1905 און 1917 אלס באשטאנד־עלעמענטנ און שלאנגאַטריאדנ פונ דער אלרוסלענדישער קאָנטער־רעוואָליוציע. עס איז, דעריבער, מער ווי פארשטענדלעכ פארוואָס אינ זייערע שרײַבעכצנ אינ די לעצטע צענדליקער יאָרנ פונ פאָריקנ יאָרהונדערט איז צו געפינענ זייער אסאכ פארעווע מעליצעס, פארעווע אָפּגעשלאָגענע מאסקילישע הוישײַנעס און קימאט ווי גאָרניט פונעמ ווירקלעכנ קאמפּ קעגנ ייִדישנ קלעריקאליזמ. עס איז אויכ פארשטענדלעכ, וואָס אָט די דאָזיקע אינטעליגענצ, וואָס איז אינ יענער צײַט געווענ דער מאָנאָפּאָליסט אפנ געדרוקטנ וואָרט, די באלעבאטימ פונ „ראזסוועט״ און „וואָסכאָד״, פונ „האמײליצ״ און „האצפירא״, אָט די אלע, וועלכע האָבנ געהאט די גענויסטע אינפאָרמאציע וועגנ דער אָרגאניזאציע און טעטיקײַט פונעמ קלער, האָבנ ניט געהאט קיינ אינטערעס אפ אופדעקנ און דעמאסקירנ די געהיימע אָרגאניזאציע פונעמ ייִדישנ קלער פאר די מאסנ.

די היסטאָריקער פונעמ ייִדישנ לעבנ אינ רוסלאנד—דובנאָוו, געסענ, צינבערג און קאָמפּאַניע האָבנ פארפעסטיקט אינ זייערע ווערק די פאלסיפיקאציע פונ דער ייִדישער געשיכטע אויכ אינעמ דאָזיקנ פראט. אינ זייערע ווערק געפינענ מיר ניט קיינ איינ וואָרט וועגנ דער פינצטערער ארבעט פונעמ ייִדישנ קלער, וועגנ דעמ קאמפּ פונעמ ייִדישנ קלער קעגנ די פּאָלקסמאסנ, קעגנ פרײַענ גײַסט, קעגנ קולטור

און בילדונג, קיינ איינ פאקט פונ דער קלעריקאל־יעזויִטישער פארשווערונגס־ארבעט קעגנ די אינטערעסנ פונ די פֿאָלקס־מאסנ. צינבערג ווידמעט דערופ 2 זײַטלעכ פונ זײַנ בוכ „די געשיכטע פונ דער ייִדישער פרעסע“. עס איז קעדײַ צו ברענגענ אלט איליוסטראציע פונ דער דאָזיקער העסלעכ פאלסיפיקאטאָרישער ארבעט דעמ פאָלגנדיקנ פאקט. אינ דער „ייִדישער ענציקלאָפּעדיע“ (אינ רוסיש), באנד 10 אינ וואָרט „מאכזיקיי האדאס“ געפינענ מיר פאָלגנדיקע דערקלערונג: „אנ אונגארישע בעזעלשאפט, וואָס איז אנטשטאנענ אינ 1910 מיטנ ציל צו פארשטארקנ די ווירקונג און באטײַט פונ די אָרטאָדאָקסאלע ייִדנ אינ אונגארנ; אזא אָרגאניזאציע עקזיסטירט אויכ אינ גאליציע“. מיט אנ עכט ציניִשער פרעכהײַט פארדעקנ די באלעבאטימ און אידעאָלאָגנ פונ דער ענציקלאָפּעדיע די הערנ ווישניצער, געסענ, צינבערג, דובנאָוו און קאָמפּאניע די גרויסע און פארצווײַגטע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציע „מאכזיקיי האדאס“ א קאָנספּיראטיוו־קלעריקאלע אָרגאניזאציע, אָנגעפירט פונ דער לישקאָ האשכוירא אינ די יאָרנ 1893־94, אי די מאסעווע אָרגאניזאציע „מאכזיקיי האדאס“, וועלכע דער ייִדישער קלער האָט געשאפנ אינ רוסלאנד אינעמ פעריאָד פונ קאמפ קעגנ די רעוואָליוציאָנערע ייִדישע ארבעטער און ארבעטנדיקע אינ די שטורמישע יאָרנ פונ דער רעוואָליוציע פונ 1900־1901. לויט די דאָזיקע ייִדישע בורזשואזע היסטאָריקער האָט זיכ די קלעריקאל־שווארצמייעדיקע אָרגאניזאציע פונעמ ייִדישנ קלער, די „מאכזיקיי האדאס“ געפונענ ניט אינ די ייִדישע שטעט און שטעטלעכ פונ רוסלענדישער אימפּעריע—וו זי איז ווירקלעכ געווענ—נאָר אפ יענער זײַט גרענעצ, ערגעצ דאָרט אינ אונגארנ און גאליציע. אָט אזוי האָבנ די ייִדישע היסטאָריקער געשריבנ געשיכטע!

די דאָזיקע ייִדישע בורזשואזע און קליינבירגערלעכע היסטאָריקער זײַנענ איצט נאָכ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע איבערגעגאנגענ פונעמ פארשווײַגנ און פארשמירנ די שווארצע טעטיקײַט פונעמ ייִדישנ קלער צו אנ אָפֿענער נאציאָנאל־פאשיסטישער רעאביליטאציע און גלאָריפיקאציע פונ די גרויסע בײַסימ פונעמ קלער לעטויוועס דעמ ייִדישנ פאָלק. אינעמ צווייטנ באנד „היסטאָרישע שריפטנ“ (ווילנע 1936) געפינענ מיר, אלס בײַשפּיל, א רעמארק פונ טשעריקאָווערנ, וועגנ דער ראָליע פונעמ ייִדישנ קלעריקאלנ צענטער אינ קאָוונע אינ די 80־ער יאָרנ. טשעריקאָווער לעקט מאמעש די פינגער פונ דער גרויסער „אופקלערונגס־ארבעט“ אינ „קאמפ קעגנ צאַריזמ“, וואָס די דאָזיקע קלעריקאלנ האָבנ געפירט אינ פארבינדונג מיט די פּאָגראָמענ פונ די 80־ער יאָרנ. ער איז אזוי באגײַסטערט פונ דעמ, אז ער זאָגט צו ספּעציעל צו שרײַבנ וועגנ די גרויסע ראבאָנישע אופטועכצנ!..

די גרויסע סאָציאליסטישע אָקטיאבער־רעוואָליוציע, וועלכע האָט באפרײַט די פאָלקס־מאסנ פונ דער הערשאפט פונ די עקספּלואטאטאָרישע קלאסנ און פונ דער פינצטערער מאכט פונ קלויסטער און קלער, האָט געשאפנ די בעסטע באדינגונגענ פארנ ווירקלעכנ און היסטאָריש־עכטנ באלויכטנ פונ דער ראָליע און טעטיקײַט פונעמ ייִדישנ קלער. צומ באדויערנ האָבנ די געשיכטע־שרײַבער פונ אונדזער סאָוועטישנ פעריאָד אינ זייערע גרעסערע היסטאָרישע ווערק ווי אינ זייערע מאָנאָגראַפּיעס און ארטיקלענ ניט געפונענ קיינ אָרט און אינטערעס פארנ באלויכטנ די פינצטערע קאָנטר־רעוואָליוציאָנערע, פאָלקספײַנטלעכע ארבעט פונעמ ייִדישנ קלער. מיר

געפינענ וועגנ דעמ גאָרנישט אינ אזעלכע ווערק, וועלכע טראָגנ דעמ טראסקענדיקנ קעפל פונ „געשיכטע פונ די ייִדישע געזעלשאפטלעכע שטרעמונגענ אינ רוסלאנד אינ 19 י. ה.“ אונ אינ זיי ענלעכע. אינ די דאָזיקע ווערק, וואָס זײַנענ געשריבנ פארנ סאָוועטישנ לייענער, ווערט זייער אסאך מאָל איבערגעכאזערט דאָס וואָרט „קלאסנקאמפ“, אסאך געפלאפלט וועגנ קלאסנקאמפ, אונ אזא וויכטיקער פאקטאָר פונ קלאסנקאמפ, ווי דער ייִדישער קלעריקאליזמ ווערט אויסגעמיטנ, פונקט ווי דאָס וואָלט געווענ א קלייניקײַט, וואָס מע קענ רויִק אראָפווארפנ פונ וואָגשאָל פונ דער געשיכטע, פונעמ היסטאָרישנ קאמפ פונ די פאָלקסמאסנ קעגנ זייערע עקספלואטאטאָרס. אינ זייערע ווערק לאָזט זיך שטארק פילנ די ווירקונג פונ דער פאָקראָווסקי־שול מיט איר שמאָלנ וואָלגארנ עקאָנאָמישנ מאטעריאליזמ, וועלכער דערשאצט ניט אזעלכע פאקטאָרנ ווי קלעריקאליזמ אדג.

דער פאקט, וואָס אונדזערע געשיכטע־שרײַבער האָבנ—באוווסטזיניק, אָדער אומבאוווסטזיניק, אלציינס—אויסגעמיטנ צו באלויכטנ אונ אופדעקנ די היסטאָרישע פאקטנ אינ טאטנ פונ דער ייִדיש־קלעריקאלער ארבעט, האָט פאר אונדז איצט ניט נאָר א ריינ־היסטאָריש וויסנשאפטלעכנ אינטערעס. דעמ דורכפאַל דארפ מענ ליקווידירנ ניט נאָר אינ די אינטערעסנ פונ דער צוגרייטונג פונ א מארקסיסטיש־לענינישער געשיכטע פונעמ ייִדישנ פאָלק. דער דאָזיקער דורכפאַל לאָזט זיך שטארק פילנ אינ אונדזער טאָגטעגלעכער אנטירעליגיעזער ארבעט. אונדזער אנטירעליגיעזע פראָפאגאנדע שטעקט נאָך אלץ אינ די קינדער־שיך פונ פרימיטיוויקײַט—פונ אבסטראקטער אנטירעליגיעזישקײַט, פונ צופאל־פראָפאגאנדע, פונ שאבלאָנע יאָנטעוודיקע „האזקאָראס נעשאָמעס“. אונדזער סאָוועטישע יוגנט, די קינדער פונ אָקטיאבער, די בויער פונ סאָציאליזמ אפּ אלע געביטנ פונ אונדזער מעכטיקנ סאָוועטישנ אופבוי באקומט ניט די געהעריקע וויסנשאפטלעכע אופקלערונג וועגנ דעמ גאנצנ עצעמ פונ ייִדישנ קלעריקאליזמ. זיי איז דעריבער שווער אופאטנ אינ איר גאנצער מאמאָשעסדיקער גרויזאמקײַט די ווילדע אנטיסאָוועטישע, קאניבאלישע, פאשיסטישע ארבעט פונעמ ייִדישנ קלער בא הײַנטיקנ טאָג. די איבערבויונג פונ אונדזער אנטירעליגיעזער פראָפאגאנדע אינ ייִדיש, וואָס דארפ פארנעמענ איצט א וויכטיקנ אָרט אינ אונדזער פראָפאגאנדע־ארבעט, דארפ גייִנ אויך אפנ וועג פונעמ שטודירנ די פאָרמענ אונ מעטאָדנ פונעמ קאמפ פונ קלער קעגנ די פאָלקסמאסנ, פונ דעמ אופקלערנ פונ דער געשיכטלעכער ראָליע פונעמ ייִדישנ קלער אונ באזונדערס פארנ פעריִאָד פונעמ דערוואכנ פונ די ייִדישע פאָלקסמאסנ, פארנ פעריִאָד פונ דער מאָביליזאציע פונ די רעאקציאָנערע קרײַזנ אינעמ קאמפ קעגנ דעמ „געשפענסט פונ קאָמוניזמ“, וואָס האָט זיך באוויזנ אינ לעבנ פונ די ייִדישע פאָרגעשריטענע עלעמענטנ אינעמ סאָפּ פונ פאָריקנ יאָרהונדערט. די געשיכטע פונ די ייִדישע קלעריקאלע אָרגאניזאציעס פונ סאָפּ 19—אָנהייב 20 יאָרהונדערט וועט אופדעקנ די פראָגראמ אונ טאקטיק, די אָרגאניזאציע אונ קאמפס-מעטאָדנ פונ ייִדישנ קריגערישנ קלעריקאליזמ אונ באַוויַזנ דעמ אָרגאנישנ, גראָדיקנ וועג פונ דער דאָזיקער אנטיפאָלקישער באנדע צו פאשיזמ אונ אָפענער מילכאָמע קעגנ די פאָלקסמאסנ. עס איז מאמעש א געבאָט פונ טאָג שטעלנ די דאָזיקע אופגאבע, מאכנ פרווונ פונ אופדעקנ אונ באלויכטנ די געשיכטע פונ ייִדישנ קלעריקאליזמ.

2

די „לישקאָ האשכוירא“ (לשכה השחורה)—דער „שווארצער קאבינעט“ אלס אָנפירנ־דיקער שטאב פונ ייִדישנ קלעריקאליזמ איז אנטשטאנענ אינ קאָוונע (איצט קאָונאס—די הויפטשטאָט פונ ליטע) אינ סאמע אָנהויב פונ די 70־ער יאָרנ פונ פאַריקנ יאָר־הונדערט אונ האָט עקזיסטירט אינ פארלויפ פונ א פערטל יאָרהונדערט. אינ פארלויפ פונ א פאָר צענדליק יאָר האָט דער דאָזיקער שטאב געטאָנ זײַנ פינצ־טערע ארבעט ביזנ אָנהויב פונ דער נײַער עפאָכע פונעמ אנטשטיינ פונ דעמ באָל־שעוויזמ אונ דער ארבעטער־באוועגונג, דעמ אופקומ פונ באָלשעוויזמ, דער פאָרבא־רײַטונג פונ דער רעוואָליוציע פונ 1905, ווענ די קאָנספיראטיווע ארבעט פונ שווארצנ קאבינעט גייט אריבער אינ א נײַעמ עטאפ, אינ עטאפ פונ אָ פ ע נ ע מ קאמפ פונ אָ פ נ קלעריקאלע קאָנטער־רעוואָליוציאָנערע אָרגאניזאציעס פונ די אזויגערופענע „מאכזיקיי האדאס“.

דער נאָמענ „לישקאָ האשכוירא“—שווארצער קאבינעט האָבנ, פארשטייט זיכ, ניט די איניציאטאָרנ אונ אָרגאניזאטאָרנ פונעמ דאָזיקנ שטאב זיכ אליינ געגעבנ. מיט דעמ נאָמענ האָבנ זיי געקרוינט זייער קעגנער. די אָרגאניזאטאָרנ פונ קאָוונער שטאב האָבנ ווי פינצטערע קלעריקאלנ אויסגעמיטנ צו באווײַזנ זיכ פאר דער אָפענער וועלט, האָבנ זייער ארבעט געטאָנ באהאלטענערהייט אונ ניט געיאָגט זיכ נאָכ א נאָמענ, פירמע אונ שטעמפל.

ווי דער אָרגאניזאטאָר פונעמ דאָזיקנ קלעריקאלנ צענטער יאנקעוו ליפשיצ אליינ דערציילט אינ זײַנע מעמוארנ (זכרונ יעקב, טייל III, ארויסגעגעבנ אינ קאונאס, ליטע פונ זײַנ זונ נאָטע ליפשיצ אינ 1930) איז דער דאָזיקער צענטער אנטשטאנענ אינ קאָוונע אינ 1869־טנ יאָר. דעמ ערשטנ שטויס צו דער דאָזיקער אָרגאניזאציע האָבנ געגעבנ די אנטשטייונג פונ א ראדיקאל דעמאָקראטישנ אופקלערערישנ שטראָמ בא די ייִדנ אלס רעזולטאט פונ דער רוסישער דעמאָקראטישער אופקלערערײַ פונ די 60-ער יאָרנ. אינגיכנ אָבער האָט זיכ די פראָגראמ אונ כאראקטער פונעמ דאָזיקנ צענטער געענדערט אונ פארברייטערט אונטער דער ווירקונג פונ די נײַע געשעענישנ—פונעמ אנטשטיינ פונ דער רעוואָליוציאָנער פאָלקיסטישער באוועגונג, פונ די פאָגראָמענ פונ די 80־ער יאָרנ אונ דעמ קער פונ דער ייִדישער מאסקילישער אינטעליגענצ אפ רעכטס.

רוסלאנד האָט, לויט לענינס קלאסישער כאראקטעריסטיק, געמאכט אינ די 60־ער יאָרנ דעמ ערשטנ שריט אפנ פרײַסישנ וועג פונ דער אנטוויקלונג פונ קאפיטאליזמ. די פריצישע פעאָדאלע מאָנארכיע האָט מיטנ ציל אויסצומײַדנ די דראָענדיקע רעוואָ־ליוציע פונ אונטנ, דורכגעפירט א ריי רעפאָרמענ פונ אויבנ. זי האָט אָפגעשאפט דאָס לײַבאייגנטומ, דורכגעפירט א ריי בירגערלעכע, יורידישע רעפאָרמענ, וואָס האָבנ געעפנט א קליינע שפארונע פאר דער אנטוויקלונג פונעמ קאפיטאליזמ, פאר דער איי־ראָפייִזירונג פונ רוסלאנד. די דאָזיקע רעפאָרמענ, דער רונג פונ קאפיטאליזמ מיט זייער ספעציפישנ האלביקנ כאראקטער האָבנ זיכ אויכ געלאָזט פילנ אינ דער ייִדי־שער סוויווע, געבראכט צו „א נײַעמ קורס“ פונ דער אויסבילדונג פונ ייִדישער בורזשואזיע. עס אנטשטייט א ייִדישע בורזשואזיע פונעמ נײַעמ סטיל, ספעקוליאנטנ

פון א גרויסן מעלוכישן מאַסשטאַב פונעם טיפ פון פאָליאַקאָוו, גינצבורג, בראָדסקי און קאָמפּאַניע. עס אַנטשטייט א נײַער שיכט פון דיפלאָמירטער יידישער אינטעליגענץ, וועלכע דערהויבט זיך צו די העכערע רוסישע אינטעליגענטישע ספערן. עס אַנטשטייען פאַרהעלטניסמעסיקע גרויסע יידישע קאָלאָניעס אין פעטערבורג און מאָסקווע. עס אַנטשטייט א פריווילעגירטער שיכט יידן, וועלכער געפינט זיך אונטערן שוץ פון צאַריזם און איז לאַכלוטן פרעמד דעם פאַרבליבענעם אין דער טשערטאַ יידישן פאָלק, אַזוי פרעמדער ווי די יידישע בורזשואַזיע פון אויסלאַנד.

אָט דער דאָזיקער נײַער—כאָטש קלענער לויטן צאָל, אָבער גרויסער לויט זײַן קוואַליטאַטיווער באַדײַטונג—שיכט יידן מיט די פעטערבורגער און מאָסקווער יידן־קאַפּיטאַליסטן בעראָש האָבן באַקומען אַן אינטערעס צו דער רעפאָרם פון יידישקײַט. אַן אַלטער קלאַסן־פּרינציפּ, אַן אויסגעדראָשן וועג, וועלכע עס האָט שוין אַזוי פריער דורכגעמאַכט די יידישע בורזשואַזיע אין מײַרעוו־אייראָפּע. די דיפלאָמירטע יידישע אינטעליגענץ איז געווען אָפּן אָרט גרייט אויסצופילן די באַשטעלונג פון איר באַלעבאָס ווער אין א גרעסערער מאָס, ווער אין א קלענערער, מער מעסיקער מאָס—אָבער די אַלע טיילן פון דער נײַ אויפגעקומענער מאָדערנער יידישער בורזשואַזיע אין רוסלאַנד ווערן פלאַמיקע אָנהענגער פון א יידישער רעפאָרמאַציע, וואָס האָט, אייגנטלעך, געדאַרפט לעגאַליזירן זייער איבעררײַס פון פאַרבינדונגען, זייער אָפּגרענעצן זיך פון די יידישע פאָלקס־מאַסן, וועלכע זײַנען פאַרבליבן אין יאַמער־טאָל פון דער „טשערטאַ". די רעפאָרם־באַוועגונג איז זעלבסטפאַרשטענדלעך געווען זייער און זייער א מאָגערע, א נעבעכדיקע קאַריקאַטור פון דער זעלבסט־נעבעכדיקער יידישער רעפאָרם אין דײַטשלאַנד. עס האָט געדאַרפט דורכגעפירט ווערן דאָס אַרײַנפירן פון דער כאָראַלער סינאַגאָגע, אַנשטאָט דעם אַלטן מיטלאַלטערלעכן בייסהאַמעדרעש, א געבילדעטן, געענדיקטן ראַבינער אַנשטאָט אַלטפרענקישן רעוול, א לערער אַנשטאָט דעם מעלאַמעד אאַז. מיט איין וואָרט, די מאָדערניזירונג, די אייראָפּייִזירונג פון יידישן קולט און קלער. אַנשטאָט דעם אַלטן שיכט פון נעגידישע מאַסקילים, פון מאַסקילים, וועלכע זײַנען מיטן קוק אַפּ מײַרעוו,—אַפּ מענדעלסאָנען אינעם ביער (דער כומעש אין דײַטשישער איבערזעצונג), אַפּ רעפאָרמירטער סינאַגאָגע לויטן דײַטשיש־יידישן נוסעך געוואָרן קימאַט אַן אָרגאַנישער טייל פון יידישן לעבן אין פאַר־רעפאָרמישן רוסלאַנד וואַקסט אויס א נײַער שיכט פון א ליבעראַל־בורזשואַזער אינטעליגענץ, וועלכע וואָרצלט זיך טיפער אײַן אין דעם קלאַסן־באָדן פון דער נײַער יידישער בורזשואַזיע. אַן אינטעליגענץ, וועלכע אָריענטירט זיך אַפּן רוסישן לעבן, רוסישער שפּראַך און קולטור, וואָס פאַרבײַט די הייליקע שפּראַך אַפּ רוסיש, שאַפט דעם ערשטן רוסיש־יידישן אָרגאַן „ראַזסוועט" אין רוסיש און רוקט אַרויס א פּלעיאַדע פון אָנפירנדיקע פיגורן פון רוסיש־יידישן בורזשואַזן ליבעראַליזם.

די ראַבאָנים האָבן דערפילט, אַז די איצטיקע האַסקאָלע און רעפאָרם־באַוועגונג איז א פיל ערנסטערע געפאַר ווי די פריערדיקע פון דער ערשטער העלפט פון 19־טן יאָרהונדערט. דעמלט האָבן זיי געהאַט צו טאָן מיט רעפאָרם־פּראָגראַמען, וועלכע האָבן געשטאַמט פון אויבן, פון אויסן פון דער צאַרישער רעגירונג. מיט זייער כוש פון רעאַליזם האָט די ראַבאָנישע קליקע פאַרשטאַנען, אַז דער צאַריזם

מיינט ניט ערנסט מיט דער איראָפּייִזירונג פונ יִדישנ לעבנ, אז זײַנ ציל איז נאָר
צו ברעכנ דעם יִדישנ קאָהאָל אָבער ניט בילדונג פאר די יִדישע מאסנ, אז מיטנ
צאריזמ אונ די טשינאָווניקעס וועט מענ זיכ זייער לײַכט דערײדנ אפנ יעסאָד פונ
פאָלקס־פארפינצטערײַ. די ראבאָנישע קליקע האָט גאנצ גוט געזענ, אז די דאָזיקע
רעפאָרמ־פּאָליטיק האָט ניט קיינ שטיצע אינ דער יִדישער טשערטא, וועלכע האָט
נאָכ דעמלט געלעבט לויטנ מיטלאלטערלעכנ שניט פונ פאר־רעפאָרמישנ רוס־
לאנד, אָנהויבנדיק פונ דער פאָלקסמאסע אונ ענדיקנדיק מיט די גווירים
פונעמ אלטנ שניט, יִדעלעכ פונעמ פעאָדאל, פּאָריצ. די ראבאָנישע קליקע האָט
דעמלט זייער לײַכט געקענט איזאָלירנ די איינצלנע אומרויִקע גײַסטער, די יעכידימ,
אויסלענדישע גאסטראָליאָרנ ווי לעווענסאל, די בערלינטשיקעס, די פארלויפער פונ
דער יִדישער בורזשואזער רעפאָרמאציע אונ מאָביליזירנ דעם גאנצנ געטאָ־אוילעמ
אונטערנ לאָזונג „שקאָלעס ניע זשעלאיעמ", מיר ווילנ ניט קיינ שולנ, מיר האָבנ
ליב, הייסט עס, די אלטע געטאָ־פּאראָנדקעס, דעמ ראָוו אונ גוויר. איצט אינ די
70־ער יאָרנ האָט זיכ שוינ ארויסבאוויזנ דער אָנהויב פונ דער קלאסנ־דיפערענציא־
ציע, וואָס איז ארויסגערופנ געוואָרנ פונעמ איבערגיינ פונ רוסלאנד אפנ וועג פונ
קאפּיטאליסטישער אנטוויקלונג. הינטער די פּלייצעס פונ דער מאָדערנער יִדישער
בורזשואזיע האָט דער יִדישער קלער דערזענ דעמ געשפּענסט פונ זײַנ אנטאגאָניסט—
פונ פּראָלעטאריאט „די מאגייפע פונ פּראָלעטאריאטנטומ" לויטנ קלאסישנ אויסדרוק
פונעמ מאָסקווער מאכט־פּאָרשטייער אינ זײַנ ראפּאָרט צומ צאר.

די אנטוויקלונג פונ קאפּיטאליזמ אינ די 60־70 יאָרנ, די רעפאָרמענ אפ פאר־
שיידענע געביטנ, ניט קוקנדיק אפ זייער גאנצער באגרענעצטקײַט אונ האלבקײַט, האָבנ
באדײַטנדיק א רוק געטאָנ פאָרויס דעמ פּראָצעס פונ צעשטערנ די אלטע פרומ־ראבאָנישע
אידיליע פונ פארגליווערטנ עקאָנאָמיש אונ סאָציאל־יִדישנ שטאָט אונ שטעטל. די
געאָגראפישע באוועגונג, דאָס איבערגיינ אינ נײַע וווינונגס־ראיאָנענ האָט איצט
אָנגענומענ א ברייטערנ פארנעמ. נאָכ דער יִדישער בורזשואזיע אונ אינטעליגענצ
האָבנ זיכ א ריר געטאָנ פונ אָרט, ווי ווײַט עס האָבנ דערלויבט די צאריש־פּאָלי־
צייִשע באדינגונגענ, דער יִדישער באלמעלאָכע, די מער אקטיווע, באוועגלעכע
עלעמענטנ פונ דער פּאָלקס־מאסע, א גאנצ קליינער טייל זייערער אינ די אינווייניק־
רוסישע גובערניעס (אינ צענטראל־רוסלאנד), א גרעסערער טייל אינ אוקראיִנע, דאָרעמ
רוסלאנד.

פונקט ווי אלגעמיינ אינ לאנד, אזוי אנטשטייט אינ די 70־ער יאָרנ בא די יִדנ
א שיכט פונ „ראזנאָטשינצעס" (אלערליי ראנגיקע) פונ אָרעמע סטודענטנ אונ אוט־
טאָדידאקסנ, קינדער פונ פאראָרעמטע באלעבאטימ, יאָרדימ פונ די יִדישע שטעט־
לעכ—געקומענ פונ די יעשיוועס פארכאפּט מיט די טריפע פּאָסלס, פונ די קאזיאָנע
שולנ, פונ די קלוימערשטע שטעלעס אונ פונ שווערס קעסט. דאָס זײַנענ אלצ געווענ
עלעמענטנ, וועלכע האָבנ זיכ ניט געקליגט גוטמוטיק מיט דער האסקאָלע באמ האַ־
שאָמאיִמ, דאָס זײַנענ געווענ עקספּאנסיווע קעמפער, בונטאָווטשיקעס קעגנ דער
אלטער אָרדענונג, קעגנ קאָהאָל אונ די גוויריש־ראבאָנישע פּאראָנדקעס. זיי האָבנ
געבראָכנ גאָט אונ דעמ ראָווס געזעצנ, זיי האָבנ געבראָכנ אלע צוימענ, צעריסנ
מיטנ פאמיליע־צוימ, געוואָרפנ דאָס ווײַב אונ די קינדער, אנטלאָפנ אינ די גרויסע

צענטרען, אָנגעכאפּט זיך מיט די אידייען פון טשערנישעווסקי, דאָבראָליובאָוו, פּיסארעוו, פונעם „סאָווראעמעניק“. זיי האָבן ארײַנגעטראָגן א נײַעם שטראָם פון דעמאָקראטיזם, פון ראדיקאליזם אין פארשטונקענעם ייִדישן ראבאָניש־מאסקילישן געמויזעכץ. עס האָבן אָנגעהויבן די ראדיקאלן מ. ל. לילענבליום, א. א. קאָוונער און די אנדערע און באלד נאָך זיי האָבן זיך באוויזן די ערשטע טרעגער און פּראָפּאגאנדיסטן פון סאָציאַליזם—אין סטיל און נוסעך פארשטענדלעך פון יענער עפּאָכע—ליבערמאן, ווינטשעווסקי אדג. דאָס אלץ האָט באוויזן דעם ייִדישן קלער, אז די געפאר איז א גאנץ ערנסטע, אז דער געשפּענסט פון קאָמוניזם און ראדיקאליזם, אפּיקאָרסעס רוקט זיך שטארק אָן אויך אין די ראיאָנען, ווּ די ראבאָנים האָבן אבסאָליוט געהערשט.

די דאָזיקע אלע נײַע פּראָצעסן זײַנען געווען בא סאמע אָנהויב, זיי האָבן אָבער געדראָט אונטערצורײַסן, אונטערשווענקען דעם פונדאמענט פון דער ראבאָנישער מאכט. דער ייִדישער קלער הויבט זיך אָן פארטראכטן, זוכן נײַע פאָרמען פון קאמף קעגן אָט דער נײַער געפאר. די אלטע פאָרמען האָבן אָנגעהויבן פארלירן זייער ווירקונג אף די מאסן.

עס האָט זיך אויסגעוועבט און פארלאָרן איר אמאָליקע יוגנטלעכע פרישקײַט און „פאָלקסטימלעכקײַט“ די כאסידישע באוועגונג, וואָס האָט געזאָלט אמאָל, אינעם 18־טן יאָרהונדערט, „נעמען“ דעם אוילעם, אָנטוענדיק אין א רעליגיעזן מאנטל די סטיכייִשע סאָציאַלע אָפּאָזיציע פון די ייִדישע נידעריקע מאסן צו די קאָהאָל־הערשער און ראבאָנים־מאכט. זיי, די כסידים, האָבן זיך שוין לאנג צונויפגעקומען מיט זייער קעגנער—מיסנאגדים אין איין קאמפּס־פראָנט קעגן אויפקלערערײַ און שטרעבונג פון די פאָלקס־מאסן צו ווירקלעכער באפרײַונג. צווישן די כסידים און מיסנאגדים איז געבליבן נאָר אן אונטערשייד אין סידער, אין די אויסערלעכע אטריבוטן, אין די פאָרמען און מעטאָדן פון געוועלטיקן איבער די פאָלקס־מאסן. די מוסער־באוועגונג, וועלכע עס האָט אָרגאניזירט ייִסראָעל סאלאנטער אין די 40־50־ער יאָרן, אלס אן אייגנארטיקן פרווו פון קאמף קעגן וועלטלעכקײַט און בילדונג אין א פאָרם פון א רעליגיעזער „באוועגונג“, אויסנוצנדיק די רײַכע דערפארונג פון כאסידיזם אין זײַן בלי־צײַט האָט זיך אויסגעלאָזן מיט א קראַך. דאָס שרעקן דעם האָמוין מיטן גענעם, מיט גאָטס־שטראָף, די ווילדע אקטן פון רעליגיעזער היסטעריע, פון פאנאטישן עקסטאז און עקסצעסן, פון דעמאָנסטראטיוון מאטערן דעם זינדיקן קערפּער, דאָס דערגאנצן דעם טאלמוד מיט מוסער—מיט שטראָף און זיטן־דראָשעס, מיטן כײרעם און נײדער—דאָס אלץ איז שוין געווען געשיכטלעכע פארורטײלס. די מוסערניקעס האָבן שוין ניט געקענט שאפן קיין רעליגיעזע באוועגונג פון אונטן אף פארטיידיקן, שטיצן דאָס אונטערגײענדיקע אלטע. די באוועגונג, אף וועלכע איר שאפער האָט געלייגט אזוי פיל האָפענונגען, איז פארוואנדלט געוואָרן אין א קליינער נישטיקער סעקטע אין קאָוונע און אין א פּאָר קלענערע פּונקטן.

די נײַע כוואליע פון אויפקלערערײַ, די רעפאָרם־באוועגונג פון דער ייִדישער בורזשואזיע און בורזשואזער אינטעליגענץ, דער געשפּענסט פון דער וואכנדיקן פאָלק, דער קראך פון די אלטע מעטאָדן פון ראבאָנישער הערשאפט, די אָנפאנג־קערענדלעך פון ראדיקאליזם און סאָציאַליזם האָבן געטריבן דעם ייִדישן

קלער צו א רעוויזיע פונ זײַנע קאמפס־מעטאָדנ. די פריִערדיקע מעטאָדנ זײַנענ געווענ צוגעפאסט צו דער שטילער פעאָדאלער געטאָ־געמויזעכצ, ווענ דער ראָװ איז געזעסנ נעבנ גוויר אינ קעהילע און געקאָמאנדעוועט איבערנ צוינ־קאדאָשימ. די נײַע סיטואציע האָט געפאָדערט פונ קלער א נײַע אָרגאניזאציע פונ זייער קאמפ, א נײַע אָרגאניזאציע פונ ייִדישנ קלער, וועלכע זאָל קענענ בײַקומענ די נײַע געפארנ.

אָט אינ דער צײַט, אינ סאמע אָנהויב פונ די 70־ער יאָרנ אנטשטייענ אינ די גרעסערע צענטרענ פונ ליטע און ווײַסרוסלאנד אָרטיקע אָרגאניזאציעס פונ צעירשעטנ קריגערישנ ייִדישנ קלעריקאליזמ, קוידעמקאָל אינ ווילנע און קאָוונע. זיי רופנ זיכ אָנ „כעווראס מאצדיקי האָראבימ“ (מצדיקי הרבים), כעוורעס, וועלכע זאָרגנ זיכ וועגנ דער פרומקײַט פונ די מאסנ, פונ דער ראבאָנישער טשערעדע. דער ציל איז קאמפ קעגנ אפיקאָרסימ. זיי טרעטנ ארויס מיט רעדעס, מיט אופרופנ, פאָדערנ אופ די גאָטספאָרכטיקע קעמפנ מיט אלע מיטלענ קעגנ דעמ שלאנג פונ גאָטסלאָזיקײַט, רופנ צו פארברענענ אלע אפיקאָרסישע ביכער. אינגיכנ ווערט צונויפגערופנ א צוזאמענפאָר פונ די דאָזיקע קריגערישע אָרטאָדאָקסנ אינ קאָוונע. און קאָוונע ווערט פונ דעמלט אָנ דער אָנפירנדיקער צענטער פונעמ קריגערישנ ייִדישנ קלעריקאליזמ.

קאָוונע איז לויט א ריי סיבעס געווענ דער געוווּנטשענער אָרט פארנ צענטער פונ ייִדישנ קלעריקאליזמ. קאָוונע איז געווענ א קלאסישער מוסטער פונ א פאר־רעפאָרמישער ייִדישער שטאָט. קאָוונע האָט אינ יענער צײַט פארמאָגט אָנ איבער 20 טויזנט ייִדישע באפעלקערונג, וואָס האָט זיכ שטארק געקלעפט ארומ די אלטע פאר־רעפאָרמישע פארנאָסעס און לעבנס־שטייגער. דער ראָװ און גוויר פונ אלטנ שניט זײַנענ דאָ געווענ די טאָנגעבער. קאָוונע איז געווענ דער וויכטיקסטער פונקט לעבנ דער רוסלענדיש־דײַטשישער גרענעצ. די קאָוונער ייִדישע גווירימ האָבנ געפירט זייערע געשעפטנ מיט אויסלאנד, די אלטע פאָרמ פונ האנדל און פארמיטלערײַ באמ ארויספירנ פונ רוסישנ רויוואַרג אפ די מערק פונ קעניגסבערג, לייפציק. קאָוונע האָט קיינמאָל ניט געליטנ פונ דער „האסקאָלע־עפידעמיע“, ווי ווילנע, דער ירושאָלאיִמ פונ ליטע, דער צענטער פונ דער האסקאָלע־באוועגונג אינ רומלאנד, קאָוונע האָט געהאט אירע אווראָמ־מאפע דעמ העברייִשנ האסקאָלע־שרײַבער, דעמ יונגנ ווינטשעווסקי, וועלכער איז פונ דאָרט אוועק באלד, דאָס זײַנענ געווענ יעכידימ, איינצלנע עפיזאָדנ, וועלכע האָבנ ניט געביטנ דעמ גאנצנ אלטפרענקישנ קאָלאָריט פונ קאָוונע.

קאָוונע איז געווענ צוגעגרייט צו איר ראָליע אלס פלאטסאָ פונעמ קלעריקאלנ צענטער דורכ דער צוגרייטונגס־ארבעט פונ די מוסערניקעס מיט זייער גרינדער ייִסראָעל סאלאנטער בעראָש, וועלכער האָט געשאפנ די פינצטערע סלאבאָדקער באזע פונ צוויאָקעס פערושימ, מוסער־שטיבלעכ, א פארצווײַגטע נעצ פונ פינצטערע אָרגאניזאציעס, וועמעס הויפט־צוועק איז געווענ — קאמפ קעגנ בילדונג און אופקלערערײַ.

„קאָוונע — שרײַבט דער „המליצ“ — איז א ייִדישע שטאָט, וועלכע צייכנט זיכ אויס מיט אירע באטלאָנימ און טוירע־לערנער, מיט אירע פרושימ און אָרעמ־באָכרימ, מיט אירע מוסערניקעס און פאסקוויליאנטנ“ [1]) און דער איקער אָבער איז באשטא־

---

[1]) „המליצ“ נומ. 1 פאר 1896.

נענ אינ דעמ, וואָס דאָ אינ קאָוונע האָבנ זיכ געפונענ די נייטיקע סוביעקטיווע פאקטאָרנ. דאָ האָבנ זיכ געפונענ די צענטראלע פיגורנ דער ראָוו ייִצכאָק עלכאָנענ אונ זײַנ געהילפֿ. דאָ האָט זיכ געפונענ דער געוווּנטשענער טיפּ פונ א ייִדישנ לאָייאָלאָ [1]) א קונציקער אָרגאניזאטאָר—יאנקעוו ליפשיצ. דאָ האָט זיכ געפונענ דער נייטיקער אווטאָריטעט, די „פּאָנ" פאר דער קלעריקאלער באוועגונג, דער ראָוו ייִצכאָק עלכאָנאָנ ספּעקטאָר, וואָס האָט געהאט דעמ געהעריקנ אווטאָריטעט בא דער ייִדישער אָרטאָדאָקסיע. ייִצכאָק עלכאָנאָנ איז געווענ דער סאמע געוווּנטשענער צו ווערנ גאָטס־געזאלבטער „שעפּ" פונעם ייִדישנ יעזויִטיזמ. ער האָט באלאנגט צו דער ערשטער ריי פונ טוירע־אווטאָריטעטנ, אָבער די הויפּט־קראפט זײַנע איז געלעגנ אינ דעמ, וואָס ער איז געווענ „מעורב עמ הבריות, ער האָט געהאט סאקט, ער האָט פארשטאנענ די געבאָטנ פונ דער צײַט, ער האָט געקענט אָנווענדנ די נייטיקע פּשאָרע, דעמ אויסערלעכנ קאָמפּראָמיס אינ די אינטערעסנ פונ ראטעווענ דעמ רעליגיעזנ איקער. ער איז געווענ דער סאמע צוגעפּאסטער אפ קאָנסאָלידירנ אלע קויכעס פונ ייִדישנ קלעריקאליזמ. ער האָט געהאט אווטאָריטעט בא די אָרטאָדאָקסנ, ער האָט געהאט אווטאָריטעט בא די ניט־בורזשואזע עלעמענטנ אונ בא די ליבעראלע מאסקילימ. צו אימ האָבנ זיכ געצויגנ פונ אלע שטעט אונ שטעטלעכ באקאָשעס וועגנ לייזנ, אנטשיידנ די אָדער יענע הארבע פראגע פונ פּאָרפלאָנטערטנ ייִדישנ שטייגער־לעבנ, וווּ געפינענ אנ אויסגלײַכ צווישנ די שטרענגע פּאָדערונגענ פונ גאָטס טוירע אונ די קאָמפּליצירטע באדינגונגענ פונ דער נײַער נאָכרעפאָרמישער עפּאָכע. ייִצכאָק עלכאָנאָנ פלעגט געפינענ דעמ נייטיקנ אויסוועג, דאָס האָט אימ געמאכט פארנ ניט געקרוינטנ אָנפירער פונ דער ייִדישער אָרטאָדאָקסיע אינ רוסלאנד אינ די לעצטע פאָר צענדליק יאָר פונ פאָריקנ יאָרהונדערט. אונ אָט דעמ דאָזיקנ אָנגעזאמלטנ „קאפּיטאל" האָט אפּנ גלענצנדיקסטנ אויפנ אויסגענוצט דער אָרגאניזאטאָר פונ דער „לישקאָ האשכוירעאָ" אונ איינער פונ די אָרגאניזאטאָרנ פונ שפּעטערדיקע „מאכזיקיי האדאס" יאנקעוו ליפשיצ. אלס אָרגאניזאטאָר פונ א הויכנ ראנג האָט יאנקעוו ליפשיצ אָרגאניזירט דעמ שטאב פונ קריגערישנ קלעריקאליזמ אונטער די ברייטע פּאָלעס פונ ייִצכאָק עלכאָנאָנס זשופּיצע. אינ זײַנע מעמוארנ, וועלכע זײַנענ פארעפנטלעכט געוואָרנ נאָכ זײַנ טויט, דערציילט ליפשיצ, אז דער קאָוונער שטאב איז אינ אָנהויב באשטאנענ פונ א דרײַלינג—פונ ייִצכאָק עלכאָנענ, פונ ייִצכאָק עלכאָנאָנס זונ הירש ראבינאָוויטש, (וועלכער האָט אינ די 90־ער יאָרנ באקומענ בא די ארבעטער די טרויעריקע פּאָפּוליארישקײַט אלס ווילנער „שטאָט מאגיד") אונ פונ אימ—יאנקעוו ליפשיצ. פונ אָנהויב אָנ איז געווענ באשטימט, אז ייִצכאָק עלכאָנאָנ זאָל זײַנ נאָר דער שעפּ אונ ניט דער אָנפירער. ייִצכאָק עלכאָנאָנ זאָל בלײַבנ אויסערלעכ „ריינ", אלס סימוואָל פונ „אָביעקטיווישקײַט", אונ „אומפארטייִשקײַט", זײַנ נאָמענ זאָל ניט ארײַנגעמישט ווערנ אינ די שמוציקע אונטערנעמונגענ פונ דער קליקע, ער זאָל בלײַבנ אויסער יעדנ כשאד, דער ראָוו ראבינאָוויטש איז געווענ פאר פארבינדונגענ, אונ די צענטראלע אָרגאניזאטאָרישע פיגור פונעם שווארצנ קאבינעט איז געוואָרנ יאנקעוו ליפשיצ. אויסער־

[1]) לאָייאָלאָ—דער גרינדער פונעמ יעזויִטנ־אָרדענ.

לעכ א באשײדנ יִדל, א יִד א באלעבאָס, ארומגערינגלט מיט א ראבאָנישנ יִכעס, נעמט ניט אָנ קײנ ראבאָנישע שטעלע. ער באנוגנט זיכ מיט א קלײניקײַט, ער איז אָפיציִעל דער אָנפירער פונ קאָונער טאלמוד־טוירע אונ יִצכאָק עלכאָנאָנס „סעק־רעטאר‟. אָט אזוי פארמאסקירט פאר דער גאנצער וועלט, באהאלטנ אפילע פונ די ברײטערע מאסנ פונ די פרומע יִדנ, אינ דער פינצטערניש, אינ כאדרי כאדאָרים, פאָרמירט זיכ אויס דער אָנפירנדיקער שטאב פונ יִדישנ קלעריקאליזם פונעם סאָפ פונ 19-טנ יאָרהונדערט.

3

דער ערשטער שריט איז—די גרינדונג פונ א קלעריקאלער צײַטונג, די גרינ־דונג פונעם „הלבנונ‟. „מיר האָבנ באשלאָסנ—שרײַבט יאנקעוו ליפשיצ אינ די אויבנדערמאָנטע מעמוארנ—צו קעמפנ מיט אונדזערע קעגנער מיט זײער אײגנ געווער‟. די צײַטונג „הלבנונ‟, וואָס איז ביז דעמלט געווענ אנ אָרגאנ פונ די עקסטרעם אָרטאָדאָקסאלע גרופנ אינ אויסלאנד, גײט איצט אריבער אינ די הענט פונעם פארקאָנספירירטנ קאָונער קלעריקאלנ שטאב. די צײַטונג ווערט ארויסגעגעבנ אינ מאײנצ (דײַטשלאנד), ווערט טראנספּאָרטירט אינ רוסלאנד. איצט בײַט די צײַטונג איר כאראקטער, זי ווערט אנ אָרגאנ פונ די סאמע פארביסענע רעאקציִאָנערנ, פינס־טערלינגס פונ קאָונער קלעריקאלער כעוורע. די צײַטונג דערקלערט א הײליקע מילכאָמע יעדנ, וועמ עס האָט נאָר די האָזע ארויסטרעטנ קעגנ דער הײליקער טוירע אונ קעגנ דער מאכט פונ די ראבאָנים, די צײַטונג פירט אנ אומקאָמפּראָ־מיסלעכנ קאמפ קעגנ יעדנ פרווו פונ אײַנפירנ אלגעמײנע וועלטלעכע בילדונג בא יִדנ. איר דעוויז איז, ווי שפּעטער האָט פּערעצ מוסטערהאפט עס אויסגעדריקט אינ דעמ פרומ־ראבאָניש לידל „די נאכטוועכטער‟ די איבערזעצונג פונ שאמיסאס „יעזויִטנ‟:

„... פארמאכט אויכ די אויגנ, פארשטאָפּט אויכ די אויערנ
אונ כראָפּעט ווי גאָט האָט געבאָטנ!
אונ דאָ וועלנ מיר לעשנ אונ לעשנ, אונ לעשנ
געטרײַ וועלנ מיר דינענ דער נאכט!

די הויפט־קלעפּ פאלנ אפ די קעפּ פונ די „ניהיליסטנ‟ פונ די בונטאָוושטשיקעס קעגנ גאָט אונ קײסער. די ראבאָנים האָבנ גלײַכ דערשמעקט, אז די צארישע רעגי־רונג אונ אירע באאמטע אפ די ערטער הויבנ אָנ איבערײַסנ מיט די „טראדיציעס‟ פונ דער האסקאָלע-עפּאָכע, מיט דער בילדונגס־„גזײרע‟, זײ האָבנ דערפילט, אז איצט קומענ אָנ נײַע צײַטנ. די ווײענישנ פונ דעמ נײַעמ קורס פונ דער רעגירונג דריקט אויס דער צענזאָר פּיאָדאָראָוו אינ זײַנ באוווסטנ אָפיציִעלנ מעמאָראנדומ:
„... עס איז נאָכ קײנ דער קאדר פונ ניהיליסטנ. נאָר ער פארדינט די ערנסטע אויפמערקזאמקײט פונ דער רעגירונג אינ דעמ זינ, וואָס ארומ אים גרופירנ זיכ אָט די אלע, וועלכע טראָגנ אריבער די נעגאציע פונעמ געביט פונ גלויבנ אינעמ געביט פונ פּאָליטיק.
„... אויב ביז איצט האָט די רעגירונג געליטנ שאָדנ אונ קריכעס־פארלוסט פונעם אבערגלויבנ פונ די יִדנ, פונ זײער בלינדער טרײַקײַט צו דאָס אלצ, וואָס

איז איבערגעלאָזנ געוואָרנ בעיערושע פונ די עלטערנ, וועט די מעלוכע אונ געזעלשאפט האָבנ נאָכ א גרעסערנ שאָדנ אונ פארלוסט פונ דער בילדונג פונ די ייִדנ, וועלכע האָט פונ סאמע אָנהויב אָנגענומענ אזא פארדערבלעכע ריכטונג. די ייִדנ, פארבלײַבנדיק ייִדנ, דארפנ באקומענ א בילדונג, וועלכע איז געבויט אפנ גלויבנ פונ זייערע עלטערנ, ניט פארקריפלענ דעמ גלויבנ אונ אײַנהאלטנ אינגאנצנ דעמ רעליגיעזנ געפיל, וואָס איז אזוי נייטיק פאר זייער אייגענעמ גליק אינעמ גליק פונ דער מעלוכע, אינ וועלכער זיי שטעלנ פאָר א טייל פונ דער באפעלקערונג" [1]).

דער צענזאָר, גייענדיק אנטקעגנ די פארלאנגענ פונ דער רעגירונג, דריקט דאָ פולקאָמ אויס דעמ קוק פונ דער רעגירונג אפ דער בילדונג, אפ די ייִדישע ניהיליסטנ. די ראבאָנימ כאפנ עס אונטער אונ פארלויפנ דער צארישער רעגירונג דעמ וועג נאָכ ווײַטער פאר צענזאָר־„מעשומעד". די ראבאָנימ וויקלענ פאנאנדער א גרויסע קאמפס־ליטעראטור, דעמ „האלוואָנייג", א היציקע פאמפלעטנ־ליטעראטור. דער ייִדישער קלער גרײַפט אָנ די ייִדישע ראדיקאלנ, ניהיליסטנ אונ נוצט אויס דעמ קאמפ אפ ארײַנשלעפנ אינ קאָנ די פײַנט זײַנע פונ פריִער. דער „הלבנונ" באוואָרפט מיט שמוצ יעדנ, ווער עס האָט נאָכ געהאט די האָזע ארויסטרעטנ קעגנ קלער אונ קעגנ די פארשימלטע אלט־ייִדישע פאראָנדקעס, יעדנ ווער עס האָט פראָפאגאנדירט ווירקלעכע בילדונג. דער „הלבנונ" באוואָרפט מיט שמוצ יעדנ, ווער עס פראָפאגאנדירט בילדונג, ווי מעסיק ער זאָל ניט זײַנ. זיי פארפאָלגנ מיט די סאמע העסלעכסטע מיטלענ דעמ דעמלט אָנגעזעענעמ העברעיִשנ דיכטער י. ל. גאָרדאָנ, די ראדיקאלע מאסקילימ לילענבליומ, לעווינ אונ די אנדערע. זיי לאָזנ ניט רוענ אינ קייווער דעמ פארשטאָרבענעמ העברעיִשנ ראָמאניסט אוראָמ מאפע—די ראבאָנימ האָבנ א רײַכע דערפארונג פונ פיזישנ ארויסשלײַדערנ פונ קייווער זייערע קעגנער אפיקאָרסימ—אטעסטירנדיק די ווירקונג פונ זײַנע ראָמאנענ דערמיט, אז „מיט דער פארשפרייטונג פונ מאפעס ראָמאנענ זײַנענ צוגעקומענ נײַע פלעצער אינ די פראָסטיטוציע־הײַזער". דער לעקסיקאָנ פונ דער צײַטונג איז די שפראכ פונ פאָגראָמשטשיקעס. די קעמפער פאר בילדונג אונ אופקלערערײַ ווערנ אָנגערופנ אויסוואורפנ, מיסיאָנערנ, שלאנגענ, פארגוואלטיקער, קאנאליעס [2]) אונ אזו. אונ אזו. דער ציל איז אופהעצנ דעמ פאנאטיש אָפגעשטאנענעמ אוילעמ, פארזונקענ אינ אָרעמקײַט אונ דערשלאָגנקײַט, אָרגאניזירנ די באלעבאטישע טרײַע עלעמענטנ צו א ווילדנ אָפרעכענענ זיכ, ראספראווע איבער די דאָזיקע אפיקאָרסישע עלעמענטנ. דער „לבנונ" איז קוידעמקאָל דער צענטער, וועלכער דארפ אָרגאניזירנ דעמ קלער. די ראבאָנימ ווערנ אופגעפאָדערט „צו באהעפטנ זיכ אפ דער פארטײדיקונג פונעמ הייליקנ גלויבנ, דערקלערנ מילכאָמע די אפיקאָרסימ—אמעראצימ", „אויסגיסנ דעמ צאָרנ אפ די דאָזיקע קרעציקע מיט ניט קיינ ריינע נעשאָמעס, וואָס פארפלייצנ די וועלט מיט זייערע ביכער אונ צײַטונגענ אונ אָפנ (בעפארהעסיע) לאכנ זיי איבער דער טוירע, אנערקענענ ניט קיינ גאָט אונ קיינ קייסער".

[1]) „יעווריייסקאיא מיסל" 1926, ז. 235.

[2]) ציטירט לויט י. ל. גאָרדאָנ, באנד 1, ז. 154.

דער שוואַרצער ייִדישער קלער האָט פאַרשוואַרצט די יאָרן פון די בעסטע פאָרשטייער פון ייִדישן ראַדיקאַליזם פון דעם אָנהויב פון די 70־ער יאָרן. אַווראָם אורי קאָוונער, אַרויסגעבנדיק זײַן ערשטע זאַמלונג פון אַרטיקלען „חקר דבר“, שרײַבט אין דער פאָרעדע: „איך זע לעכאַטכילע דעם שטורעם, וואָס וועט זיך צעבושעווען איבער מײַן קאָפּ, ווען עס וועט דערשײַנען דאָס דאָזיקע קליינע ביכעלע. פון איין זײַט וועט מיך פאַרפאָלגן דער צאָרן פון די פינסטער־לינגע, פון דער צווייטער זײַט וועט מיך פרעסן דער „קאַעס פון די מאַסקילים“. ער האָט גאָר ניט געקענט פאָרשטעלן זיך דעם ווירקלעכן סאָף זײַנעם — ווי דער בלאָק פון פינסטערלינגע קלעריקאַלן און מאַסקילים האָבן אים ווירקלעך פאַריאָגט פונעם ייִדישן לעבן. ווען זײַן שטראָף־טערמין פאַרענדיקט זיך, נעמט אים ניט אויף צוריק די געמיינדע, צו וועלכער ער איז געווען צוגעשריבן, און ווי אַלאַ יבוא בקהל׳ניק (אַזאַ וואָס האָט ניט קיין געמיינדע) ווערט ער נאָך די צאַרישע געזעצן פאַר־טריבן קיין סיביר. אים האָבן די קלעריקאַלן פאַרשאָלטן און זײַנע ביכער פאַרברענט.

אין די שטורמישע יאָרן זײַנע האָט דער יונגער מ. ל. לילענבלום געפּילט אָפּ זיך גאַנץ שטאַרק די נעגל פון דער קלעריקאַלער בעסטיע. די ווילקאָמירער קלע־ריקאַלע באַנדע מיטן ראָוו און ראַבינער אין דער שפּיץ האָבן אים פאַרמאַסערט דער זשאַנדאַרמעריע, געראָדפט אים און זײַן פאַמיליע. אין זײַן אויטאָביאָגראַפיע „הטאת נעורים“, ווו ער באַשרײַבט יענעם פּעריאָד, דערציילט לילענבלום א גע־שפּרעך מיט איינעם וועגן דער געפאַר וואָס דראָט אים: „וואָס פאַר א געפאַר, האָב איך אים געפרעגט. ער האָט מיר געענטפערט מיט א זיפץ: „איצט ווייס איך וואָס זײַנען אַזוינס כאַסידים“! און אַז איך האָב פאָרגעוועצט פרעגן אים האָט ער געענט־פערט: „די כאַסידים קענען פאַרגיפטן דעם וועמען זיי פאַרפאָלגן. איינמאָל האָבן זיי זייערן א סיינע אונטערגעוואָרפן א מאַשינקע פון פאַלשע געלט“... [1])

דאָס זעלביקע דריקט אויס י. ל. גאָרדאָן אין זײַנע בריוו און אַרטיקלען. אינעם בריוו פון סענטיאַבער 1879 שרײַבט ער: ...„מיר גייען צוריק און ניט פאָרויס“.

... די בלינדע קריכן אַרויס פון די לעכער און שטעלן זיך אין דער שפּיץ פון דער סטאַדע צו פירן איר אין דער פינצטערניש און צו רעסטאַווירן די אַלטע צײַט. די ראַבינער־שולן פאַרמאַכן זיך, ווײַל דער ראָוו שמול מאָהילעווער בעט דעם מיניסטער פאַרמאַכן זיי... גאָרדאָנען דאַרף מען פאַרשיקן. און דער פליוגער וואָס קערט זיך אין דער זײַט וווהין דער ווינט בלאָזט איז צעדערבוים און זײַן „המליץ“ (ד. ה. זײַן צײַטונג דער האַמיליץ)[2]).

אינעם קאַמף מיט די ראַדיקאַלן־„ניהיליסטן“ זײַנען זיך צונויפגעקומען די קלערי־קאַלן מיקאָל האַמינים און די מאַסקילים. די גאָטלאָבערס, צעדערבוימ און קאָמפּאַניע האָבן זיך געשטעלט אין דער קלעריקאַלער ריי אין קאַמף קעגן די צעשטערער, די צאָל פון וועלכע עס האָט געהאַלטן אין וואַקסן. איינער, דער אויטאָר פון א מאַס־

[1]) מ. ל. לילענבלום — כל כ בי, באַנד 2, ז. 276, קראַקאָוו.

[2]) י. ל. גאָרדאָן באַנד 2, בריוו 259.

קיליש־פּאַרהיטערישן פּאַמפֿלעט קעגן קאָוונערן, שרײַבט: „צום גרויסן באַדויערן געפֿינען זיך צווישן דער יוגנט לײַכטזיניקע מענטשן, וועלכע זײַנען סאָלידאַריש מיט דעם דאָזיקן שלעכטזיניקן צעשטערער".

דאָס זעלביקע שטרײַכט אונטער גאָטלאָבער אין זײַן ביטע בײַ דער פֿאַרוואַלטונג וועגן די איניאַנים פֿון פּרעסע וועגן אַ דערלויבענישׁ אַרויסגעבן זײַן זשורנאַל „האַבוקער אויר" אין אָדעס: „אין איצטיקער צײַט איז נייטיק אָרגאַניזירן אַזאַ אויסגאַבע, וועלכע זאָל זיך שטעלן אַלס הויפּט־ציל די קעגנווירקונג די נײַסטע שעדלעכע סאָציאַליסטישע לערען, וועלכע פֿאַרשפּרייטן זיך צום אומגליק אַזוי שנעל צווישן דער רוסיש־ייִדישער יוגנט" [1]. אין זײַנע „דערינערונגען" שרײַבט ווינטשעווסקי וועגן דער באַדײַטנדיקער צאָל פֿון אַפּיקאָרסים, אַקטיווע אומגלויביקע, וועלכע האָבן זיך דעמאָלט אין די 70־ער יאָרן געפֿינען אין די שטעט און שטעטלעך פֿון ליטע און ווײַסרוסלאַנד.

קעגן די אָנפֿירנדיקע פּערזאָנען פֿון ייִדישן ראַדיקאַליזם, קעגן זייערע אָנהענגער אַף די ערשטער פֿירט דער קאָוונער קלעריקאַלער שטאַב אַן אָרגאַניזירטן קאַמף. די לאָזונגען פֿון „הלבנון" ווערן אַף די ערשטער אופֿגענומען פֿון די אָרטיקע געטלעכע פֿירשטן פֿון די „חופ״ק" אַלס קאַמפֿס־דירעקטיוון. עס פֿאַרשפּרייט זיך איבער אַלע ייִדישע שטעט און שטעטלעך אַ קאַמפּאַניע פֿון אָנגריפֿן אַף די אופֿקלערער, אַפּיקאָרסים, פֿון מעסירעס די צאַרישע באַאַמטע אַף די כּעווערלײַט, וועלכע „אַנערקענען ניט קיין גאָט און קיין קייסער". די צײַטונגען פֿון יענע יאָרן דערציילן וועגן אַן אוטאָ־דאַ־פֿע, וועגן פֿאַרברענען די ראַדיקאַלע און ·אופֿקלערערישע ליטעראַטור, וואָס די ראַבאָנים פֿירן דורך אין פֿאַרשיידענע ערטער. מיר ברענגען דאָ אַלס איליוסטראַציע פֿון דער ראַבאָנישער טעטיקײַט. די אופֿירונג פֿון פּלאָצקער ראָוו און קלער אין 1870. פֿאַר יאָמקיפּער אין די יאָמים נויראָים, ווען אַזש אַ פֿיש און וואַסער ציטערט פֿאַר גאָטס מישפּעט, וואָס דאַרף אָנקומען, וואַרעמט אונטער דער פּלאָצקער ראָוו די פֿרומע טשערעדע זײַן קעגן די בונטאָווטשיקעס. ער ווענדעט זיך צו די ייִדן מיט אַן אופֿרוף:

...„ווי קען מען קומען בעטן גאָט אום יאָמקיפּער פֿאַר אונדז, פֿאַר די אָרעמע לײַט פֿון אונדזער שטאָט, אַז צווישן אונדז געפֿינען זיך אַזעלכע אויסוואָרפֿן אַפּיקאָרסים, פֿירער און פֿאַרפֿירער און מיר שווײַגן. דעריבער מעלדן מיר אַז אַף אונדזער אַסיפֿע איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז אַף יעדן ליגט די פֿליכט נאָכזוכן נאָך די דאָזיקע אַפּיקאָרסישע ביכער און פֿאַרמישפּעטן זיי מיט פֿאַרברענען, אַז ביז יאָמקיפּער זאָלן זיי מער ניט געפֿינען זיך אין אונדזערע גרענעצן. אַף די מעלאַמדים און לערער ליגט די פֿליכט זוכן די דאָזיקע זינדיקע ביכלאַך און בײַ וועמען מע וועט זיי געפֿינען זאָל באַקומען גרויסע ביזיוינעס פֿון אַלע אונדזערע פֿרומע לײַט אַלס קעגנער פֿון גאָטס טוירע און פֿון די געזעצן פֿון דער רעגירונג".

דער קאָרעספּאָנדענט דערציילט אין „המליץ", אַז צוויי טעג האָט געדויערט די דאָזיקע קלעריקאַלע אָבלאַווע. זיי האָבן געפֿונען אַסאַך „אַפּיקאָרסישע" ביכער. און

[1] Цинберг. История еврейской печати, стр. 264

„אפנ דריטנ טאָג נאָכדעמ, אז עס זײַנענ שטילער געוואָרנ די קוילעס אונ געשרייענ פונ די געשלאָגענע, באשטראָפטע האָט די קלעריקאלע באנדע אײַנגעאָרדנט אפנ שולהויפ א שײַטער־הויפנ אפ וועלכנ עס זײַנענ פײַערלעכ פארברענט געוואָרנ די זינדיקע ביכער. דער ראָוו האָט אפילע פארפאסט א ספעציעלע טפילע פארנ דאָזיקנ פארברענענ“ [1].

4

די 70־ער יאָרנ זײַנענ פארנ קאָוונער צענטער געווענ נאָר א פאָרבארײַטונגס־עטאפ. זײַנ בליצײַט געהערט צו די 80־ער יאָרנ. די 70־ער יאָרנ זײַנענ געווענ אָט דער פעריאָד, ווענ די צארישע רעגירונג מיט אלעקסאנדר דעמ צווײטנ אינ דער שפיצ פארענדיקט מיט די קלוימערשטדיקע רעפאָרמענ, גײט אריבער אפנ וועג פונ רעפרעסיעס, אפנ וועג פונ אנ אלגעמײנער רעאקציע. די רעפאָרמענ ווערנ אויסגע־הוילט, די מאכט פונ דער פאָליצײַ ווערט געשטארקט, די אנטוויקלונג פונ לאנד ווערט טאָרמאָזירט. דאָס לאָזט זיכ פילנ אינ אלגעמײנעמ געזעלשאפטלעכנ לעבנ פונ לאנד, דאָס לאָזט זיכ אויכ פילנ אינ ייִדישנ לעבנ. עס הויבט אָנ וואקסנ די אומצופרידנקײַט אינ לאנד, וואָס געפינט איצט בא דער נײַער סאָציאלער אומשיכ־טונג א נײַעמ סאָציאלנ באזיס. עס וואקסט די דאָרפישע אָרעמשאפט, עס וואקס די שטאָטישע אָרעמשאפט, עס פארגרעסערט זיכ די דעקלאסירונג פונ די אלטע שטאנד־האפטע שיכטנ. עס שטײַגט די רעאקציע פונ אויבנ, עס וואקסט דער רעוואָליוציאָ־נערער אויפברויז פונ אונטנ. עס איז נאָכ ניטאָ דער ארבעטער־קלאס, וועלכער זאָל זיכ שטעלנ אינ דער שפיצ, דער ארבעטער ווערט ערשט געבוירנ, האלט זיכ אינ אויספאָרמירנ. אפ דער סצענע טרעטנ ארויס ערעוו־ארבעטערישע עלעמענטנ, רויִנירטע פויערימ אונ שטאָטישע קלײנבירגער, אינטעליגענטישע יוגנט, עס אנטשטײט די פאָלקיסטישע באוועגונג, עס וואקסט די רעוואָליוציאָנערע אקטיווקײַט פונ די דאָזיקע עלעמענטנ אונ די פאָרמענ אונ מעטאָדנ, וועלכע זײַנענ כאראקטעריסטיש פאר די דאָזיקע ניט פראָלעטארישע שיכטנ. די צארישע רעגירונג גײט אריבער אינ אָנגריפ אפ די פאָלקס־מאסנ, אנולירט די פריִערדיקע רעפאָרמענ, דער רעאקציאָנערער עטאפ פונ דער צווײטער העלפט פונ די 70־ער יאָרנ וואקסט אריבער אינ דער עפאָכע פונ אלעקסאנדר דעמ דריטנס קאָנטר־רעפאָרמענ. דער צאריזמ בא דעמ דאָזיקנ צוזאמענשטויס מיטנ ערשטנ אויפברויז פונעמ פאָלק גרײַפט צו דעמ מעטאָד פונ פאָגראָמענ, עס הויבט זיכ אָנ די סעריע פונ די אנטיייִדישע פאָגראָמענ פונ די 1880 יאָרנ. אונ דאָ הויבט זיכ אָנ דער סאמע געוווּנטשענער עטאפ פונ דער קלעריקאלער ארבעט, זײער שניט־סעזאָנ.

דער קלעריקאלער צענטער גײט קוידעמקאָל ארויס מיט א רעאביליטאציע פונ צאריזמ. שולדיק זײַנענ אינ די פאָגראָמענ, לויט דער מײנונג פונ קאָוונער שטאב, די ייִדישע סאָציאליסטנ אונ אפיקאָרסימ. עס איז דאָכ ניט קײנ צופאל, שרײַבט יאנקעוו ליפשיצ, אז די פאָגראָמענ־כוואליע האָט זיכ אָנגעהויבנ אינ יעליסאוועטגראד, דאָרט, ווו עס האָט זיכ אויסגעבילדעט די אָרגאניזאציע פונ דער „גײַסטלעכ־ביבלי־

[1]) „המליץ“ 1870 נומ. 6.

שער ברודערשאַפט", א מינ ייִדיש רעפאָרמירטע סעקטע פונ א באַפטיסטישנ שניט „ברודערשאַפט", א מינ ייִדיש רעפאָרמירטע סעקטע פונ א באַפטיסטישנ שניט מיט יאַנקעוו גאָרדינ, דעמ שפּעטערדיקנ ייִדישנ דראַמאַטורג בעראָש. דער דאָזיקער ראַבאָנישער שטאַב מאַכט זיכ ווי ניט ווייסנדיק, אז מיט א בעקיווג זײַנען אויסגעוויילט געוואָרנ פאַר אַנטיייִדישע פּאָגראָמענ די נײַע פּונקטנ פונ ייִדישער וווינונג אפנ דאָרעמ־רוסלאַנד, ווו די אָרגאַניזאַטאָרנ פונ די פּאָגראָמענ האָבנ געקענט אויסנוצנ די פאַרשאַרפטע קאָנקורענצ צווישנ די ייִדישע אונ ניט־ייִדישע קאָנקורענטנ, דעמ אויסדרוק פונ די נײַע עקאָנאָמישע פּראָצעסנ. דער ראַבאָנישער שטאַב מאַכט זיכ ווי ניט ווייסנדיק וועגנ דעמ, אז די אַנטיייִדישע פּאָגראָמענ זײַנען ניט געווענ קיינ „סטיכיייִשער" אויסדרוק פונ אומצופרידענע עלעמענטנ, אז זיי זײַנען פאָרגעקומענ גראָדע אינ אָט די שטעט, וועלכע עס האָט פאַר דעמ באַזוכט דער צאַרישער באַאַמטער, סענאַטאָר פּאַלאָווצעוו אונ דורכגעפירט דאָרט די נייטיקע פאַרגרייטונגס־אַרבעט, לויט די דירעקטיוו פונ פּלעווענ אונ פונ דער געהיימער מאָנאַרכיסטישער „הייליקער דרושינע". די ראַבאָנישע קליקע שטעלט זיכ אפנ צאַד פונ צאַריזמ מיט זײַנע טשינאָווניקעס—פּאָגראָמשטשיקעס. שולדיק אינ די פּאָגראָמענ זײַנענ די ייִדנ־בונטאָווששטשיקעס. אינ דעמ פּונקט קומענ זיכ צונויפ דער צאַר אונ די ייִדישע ראַבאָנימ. אונ דאָ קומט צומ אויסדרוק דער לאָזונג, וועלכער ווערט שפּעטער, אינ אָנהייב פונ XIX יאָרהונדערטס, איינער פונ די הויפּט־איקרימ פונ דער ראַבאָנישער טעטיקײַט—דער לאָזונג „ייִדנ, גיט אַרויס די רעוואָליוציאָנערנ אינ די הענט פונ דער צאַרישער זשאַנדאַרמעריע".

די ראַבאָנימ העלפנ פּאַקטיש פּלעווענ אונ פּאָבעדאָנאָסצעווג, די זײַלנ פונ אַלעקסאַנדער דעמ III רעגירונג, די אינספּיראַטאָרנ אונ דורכפירער פונ די רעאַקציאָנערע מאָסנאַמענ פונ די 80־ער יאָרנ אינ זייער אַנטיייִדישער פּאָליטיק. דאָס אָרופוואַרפנ די פאַראַנטוואָרטלעכקײַט פאַר די פּאָגראָמענ אפ די ייִדנ גופא האָט פאַר דער צאַרישער רעגירונג געדינט אַלס באַגרינדונג אונ אָרײַנפיר צו א פאַרברייטערטער אויסנאַמ־פּאָליטיק בענעגייע צו די ייִדנ—צו די „צײַטווײַליקע קלאָלימ" (וואָס האָבנ געדויערט ביז דעמ אונטערגאַנג פונ צאַריזמ) וועגנ פאַרטרײַבנ די ייִדנ פונ די דערפער, פונ א ריי פּונקטנ אויסער דער טשערטאַ אדגל. דער ייִדישער קלער, די ייִדישע בורזשואַזיע האָבנ די דאָזיקע אַרבעט דעמ צאַריזמ פאַרלײַכטערט. די ייִדישע מאַסע ווערט נאָכ מער רויִנירט, פאַראָרעמט. דער צאַריזמ לאָזט איר נאָר איינ וועג אפ אויסוואַנדערנ. „דער מײַרעוו־גרענעצ איז פאַר אײַכ אָפנ" האָט ציניש דערקלערט דער באַוווּסטער מיניסטער איגנאַטיעוו. דעמ צאַריזמ איז ניט געלונגענ א דריי טאָג דעמ געשיכטלעכנ ראָד אפ צוריק, ער האָט אָבער די פּראָצעסנ פונ דער אַנטוויקלונג פונ לאַנד פאַרשוועריקט. די קאָנטער־רעפאָרמענ, די צײַטווײַליקע קלאָלימ האָבנ ניט אָפּגעהאַלטנ דעמ וווּקס פונ דער ייִדישער בורזשואַזיע, האָבנ אָבער נאָכ מער פאַרשטאַרקט די רעאַקציע אינעמ ייִדישנ לעבנ גופא.

די רעאַקציע פונ די 80־ער יאָרנ ברענגט צו דער פאַרשטאַרקונג פונ דער מאַכט פונעמ ייִדישנ קלער. די ייִדישע בורזשואַזע אונ קליינבירגערלעכע אינטעליגענצ, וואָס האָט אָט ערשט אַזויפיל געפּויקט אונ געליאַרעמט וועגנ „בילדונג", „פּראָגרעס", „אויסגלײַכונג מיט די רוסנ", האָט זיכ דערלויבט „קריטיקירנ" די אַלטע ייִדישקײַט,

האָט איצט א קער געטאָן אפּ צוריק. עס הייבט זיך אָן די אזויגערופענע באַוועגונג
פון „האשיוויינו נאזאד“. די געטאָ־דאָנקיכאָטן, ווי די מעיושעווריקע אײַנגעפונדע־
וועטע רוסיפיצירטע אינטעליגענטן (אפילע אזעלכע, וועלכע האָבן שוין באוויזן זיך
„שמאדן“—אָנעמען דעם קריסטלעכן גלויבן) גיבן א קער אפּ צוריק. געהייסן האָט
עס צוריק „צום יִדישן פאָלק“, אינדערעמעסן איז עס געווען צוריק צו יִדישקײַט,
צום שאָלעם מאכן און אידעאליזירן דעם, מיטלאלטערלעכן סיידער פונעם יִדישן
לעבן, צוריק צו דער טוירע און צו דער מאכט פון קלער. איר אידעאָלאָגישע דער־
גאנצונג באקומט די דאָזיקע רעאקציאָנערע באַוועגונג אין דער פאלעסטינאָפילסטווא
(„חובבי ציון“—ליבהאָבער פון ציאָן). עס ווערן איבערגעפּארבט אפּ נאציאָנאליסטיש־
פרום די צײַטונגען העברייִשע און רוסישע, אָרגאנען פון די פארשיידענע גרופּן פון
דער יִדישער בורזשואזיע. דער „השחר“ ווערט דער אָרגאן פון דעם פרומגעוואָרע־
נעם מאסקיל, סמאָלענסקען, הויבט אָן אָפּן קריטיקירן דעם „רעפאָרמירטן“ יִדנטום,
עס גייען אין דער פרום־נאציאָנאליסטישן קאנאסא, ווי דער מעסיקער י. ל. גאָרדאָן,
אזוי אויך דער ראדיקאלער „שטירמער“ לילענבלום. די דאָזיקע געזעלשאפטלעכע
רעאקציע פארפעסטיקט ווידעראנײַס די מאכט פון דעם קלער, די פּיטערבורגער
פּניי גיבן אָפּ די בכוירע דעם קאָוונער ראבאָנישן צענטר.

און איצט הייבט זיך אָן דער סאמע אקטיווער פּעריאָד פון דער טעטיקײַט פון
קאָוונער צענטר. ווי עכטע יעזויטן מערקן זיי אָן א גאנצע גרויסע פראָגראם
און נוצן אויס די נײַע מעגלעכקײַטן און די נײַע פארבינדעטע. יִצכאָק עלכאָנאָן
איז דער, וועלכער פארבינדט פּיטערבורגער און מאָסקעווער באראָנען און גדוילים
מיטן ראבאָנים־צענטר אין דער טשערטא. דער אלטער באראָן גינצבורג ביקוויידע
וועאצמוי שטעלט זיך אָפּ יעדעס מאָל אין קאָוונע אפּן וועג קיין פאריזש. ער
איז יִצכאָק עלכאָנאָנס גאסט און דאָ ווערן באטראכט און קאָנטאקטירט די וויכ־
טיקסטע אונטערנעמונגען פון ראבאָנישן שטאב וועגן דעם „גוירל פון דער יִדישער
אומע“. דער קאָוונער שטאב שטעלט אײַן פארבינדונגען מיט די כאמע עקסטרעמע
אָרטאָדאָקסאלע עלעמענטן אין מײַרעוו־אייראָפּע און קוידעמקאָל אין דײַטשלאנד.
צווישן די יִדישע ראבאָנים אין ליטע און אין אויסלאנד איז שטענדיק געווען א
א נאָענטע אינטימע פארבינדונג. די ליטווישע ראבאָנישע סוויווע איז פארבליבן דער
הויפּט־ליפעראנט פון ראבאָנים פאר די פרומע אָרטאָדאָקסאלע קעהילעס אין דײַטש־
לאנד. דער שטראָם פון אנטיסעמיטיזם, וואָס איז פארשפרייט געוואָרן אין דײַטשלאנד
בא דער הערשאפט פון קאנצלער ביסמארק, האָט געפירט צו דער פארשטארקונג
פון דעם עקסטרעם אָרטאָדאָקסאלן פליגל פון די דײַטשישע יִדן, וועלכע האָבן
זיך אײַנגעהאלטן נאָך דער רעפאָרם־עפּאָכע. מעמעל, קעניגסבערג און די ציטאדעל
פון דײַטשיש־יִדישער אָרטאָדאָקסיע פראנקפורט אם מײַן ווערן די נאָענסטע
פארבינדעטע פון קאָוונער קלעריקאלן שטאב.

דער קאָוונער שטאב נוצט קונציק אויס די „האשיוויינו נאזאד“ באַוועגונג פון
דער יִדישער אינטעליגענץ. די קאָוונער רעדלפירער שטעלן זיך ניט אָפּ אפילע צו
קאָקעטירן מיט דער פאלעסטינאָפילישער באַוועגונג—זיי פילן גאנץ גוט, אז דאָס
אלץ גיסט וואסער אפּ דער קלעריקאלער מיל. אין זײַנע מעמוארן דערציילט יאנקעוו
ליפשיץ וועגן די פארבינדונגען, וואָס דער קאָוונער צענטער האָט געהאט מיט די

מאסקילישע עלעמענטנ—ש. פ. ראבינאָוויטש, יהלל, לילענבלום, מיטנ רעדאקטאָר פונ האמעליצ—צעדערבוימ אדגל.[2] דער קאָוונער שטאב האָט זיכ פארפעסטיקט, ער טרעט איצט ארויס אי פאר דער צארישער רעגירונג, אי פאר דער אויסערלעכער וועלט, פאר אויסלאנד, אלס דער איינציקער פאָרשטייער פונ רוסלענדישנ יידנטומ. ווי עכטע יעזויטנ טוענ זיי נימ זייער ארבעט אָפנ, זיי מאסקירנ זיכ, זיי פירנ עס דורכ דורכ אנדערע, שטעלנ אומעטומ אוועק די נייטיקע מענטשנ. פאר אויסלאנד, פאר „אויסערלעכער פאָליטיק“ ווערט איינגעפירט אפילע אנ אנאָנימ. דער קאָוונער צענטער פלעגט זיינע דאָקומענטנ, פאמפלעטנ, בריוו קיינ אויסלאנד שיקנ מיט דער אנאָנימער אונטערשריפט: „היו עמ פיפיות“—מיטנ גאנצנ קלאפער־געצייג פונ אונ־טערערדישע קאָנספיראטאָרס.

(סאָפ קומט)

אי. רעזניק

# בערגעלסאָנס סאָוועטישע דערציילונגען[1]

בערגעלסאָנס הויפּט־געשטאַלטן פון ביז דער רעוואָליוציע געהערן דאָסראָוו צו דער סאָכרישער סוויווע פונעם קלײנעם שטעטל אין דער צײַט ווען זיי האַלטן שוין בא „נאָך אַלעמען“. בא א גאָר קלײנער טייל פון זיי איז נאָך פאַראַן דער סאָכרישער אימפּעט, דאָס וועלן אָנכאַפּן זיך אָן א וועלכן ניט איז געשעפטל און זען אין דעם א פונק פון האָפענונג, א ביטאָכן אַף בעסערע צײַטן; בא אַנדערע אָבער איז שוין דער לעצטער פונק פאַרלאָשן, זיי לאָזן זיך אַרײַן אין אַפּאַטיע־שטימונגען, הויבן אָן קוקן אַף דער וועלט סקעפּטיש, אָן איבעריקע כקירעס, דערהויפּט שווײַגנדיק. זיי בּעהערן שוין אַלע צו דער פאַרגאַנגענהײַט, ווי פאַרבײַגייענדיקע מענטשן, וואָס לאָזן איבער גאָר ווייניק שפּורן פון זייער לעבנס־וועג.

אַף בערגעלסאָנס שאַפונג פון פאַר דער רעוואָליוציע ליגט אויסגעגאָסן דער קאָלאָריט פון אומעט, די שווערקײַט פון לעבן, די אויסגעהוילטע פוסטקײַט און די אָגאָניע פונעם אַלטן יידישן שטעטל. אַף דער גרעסטער צאָל ווערק וואָלט מען געקאָנט אוועקשטעלן דעם נאָמען פון בערגעלסאָנס א נאָוועלע „די יאָרדים“, כאָטש יעדער געשטאַלט האָט זיך זײַן באַזונדערקײַט און כאַראַקטער.

בערגעלסאָנס שאַפן האָט צו טאָן קימאַט אויסשליסלעך מיטן מענטשלעכן כאַראַקטער. דעם שרײַבער איז ווי ניט־וויכטיק דער סיפּעראַמײַסע, אָדער די קאָרגע געשעענישן, וואָס קומען פאָר ביים מײַסע. אים איז וויכטיק זײַנע לעבעדיקע אָביעקטן, וועלכע ער שפּירט נאָך נאָך יעדער מינדסטער באַוועגונג זייערער. דער שרײַבער שטייט, ווי בא דער זײַט, און פורעמט אויס מיט דער גרעסטער רויִקײַט, סקולפּטוריש יעדער טייל באַזונדער, ביז עס באַקומט זיך א פאַרגאַנצטע פּסיכאָלאָגישע געשטאַלט.

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט געטראָפן דאָס שטעטל ווי עס שטייט און גייט מיט דער סאָציאַלער דיפערענצירונג, מיט דער איזאָלירטקײַט און באַגרענעצטקײַט, אַזוי אויך מיט דער פײַנטלעכער באַציִונג צו רעוואָליוציע מיצאַד די פאַרמעגלעכע. פיל געשטאַלטן שטאַמען פון די בייגישעס און בורגעסעס. די דאָזיקע מענטשן זײַנען געטרײַ זיך אַליין און זייערע אייגענע אינטערעסן. די רעוואָליוציע מוז אָנרירן

[1] דאָוויד בערגעלסאָן — „טראָט נאָך טראָט“. פאַרלאַג „עמעס“. מאָסקווע. 1938 יאָר. 320 זײַטן. פרײַז 7 ר. 25 ק.

די אייגנטימערישע אָנזאמלונג פונ די פארמעגנלעכע, גייענ זיי ארומ אינ שרעק פאר דער רעוואָליוציע; אנדערע טרעפט די רעוואָליוציע ביכלאל אומדערווארט און זיי קוקנ ווי אפ א בייז ווונדער, ניט אופנעמענדיק איר טאָכ. די דאָזיקע געשטאלטנ זײַנענ געשילדערט ניט אָביעקטיוו ווי אינ די פריערדיקע ווערק, נאָר מיט א טענדענציעזער סאָציאלער אינטאָנירונג. די באציִונג צו די דאָזיקע געשטאלטנ ווײַזט בערגעלסאָנ ארויס מײַנסטנס דורכ דער שטייגערישער דעטאל, וועלכע ער גיט איראָניזירנדיק, אָדער דורכ דער קאָמישער סיטואציע. שוינ אינ די נעמענ אליינ „מאניעטשקע", „כאימל באשעוועס" איז שוינ פאראנ די איראָנישע אינטאָנירונג.

מאניעטשקע פונ דער דערציילונג „באמ וואָיענקאָמ אינדערהיימ" איז געווינ מיסטאמע א געוועזענע גימנאזיסטקע, וואָס פלעגט ריידנ וועגנ רעוואָליוציע מיט א הויכנ מעליצעדיקנ סטיל. איצט איז דער אינטעליגענטישער פליאָר אופגעדעקט און האָט באקומענ א פארענדיקטנ קלאָרנ אויסזענ מיט א באשטימטער באציִונג צו געזעלשאפטלעכע דערשײַנונגענ פונ א בורזשואזער פילאנטראָפישער פרוי. ס'איז גענוג ברענגענ צוויי פאָטאָגראפישע פאָרטרעטנ פונ דער דאָזיקער פרוי און ס'וועט זײַנ גענוג צו דורכדרינגענ זיכ מיט איר אינערלעכנ אויסזענ.

„אפ א צווייט בילד באמ צווייטנ פאָטאָגראפ איז זי אויסגעשליירט, ווי א בארמהארציקע שוועסטער, איר פאָנעמ איז פול מיט פרומקײַט, מיט בארמהארציקער אונטערטעניקײַט, און נאָר אירע שמייכלדיקע אויגנ קוקנ ווינקענדיק ארופ צו איר ווײַס-פרומענ שטערנטיכל און זאָגנ אויס, וואָס אונטער אָט דעמ אייביקנ שלייער טוט זיכ.

אפנ בילד באמ דריטנ פאָטאָגראפ אינ דער וויטרינע איז מאניע אינעמ טאָג פונ איר כופע מיטנ פראָוויזאָר לאָשאק ארויפגענומענ אינ א לאנג ווײַס קלייד, אינ א פאטע מיט גירליאנדעס, וואָס זײַנענ אויסגעפלאָכטנ אינ א קרוינ אפ איר קאָפ. זי איז בלאס און מיד. זי האלט א סידער אינ די הענט, גרייט צו זאָגנ טילימ. פונ הײַנט אָנ שטייט איר פאָר צו זײַנ א געטרײַ און באשיידנ ווײַב באמ פראָוויזאָר לאָשאקנ. קיינער האָט זיכ דאָכ ניט געקאָנט ריכטנ, אז מאניענ וועט נאָכ אמאָל פאָרשטיינ צו ווערנ א מינ ייִדישע דלילע, וואָס וועט אָפשערנ דעמ העטמאנישנ קאָמענדאנט די האָר". (זײַט 60).

דורכ שארפער איראָניע אינ דער אויסערלעכער באשרײַבונג ווערט איבערגעגעבנ א כאראקטער פונ א טיפּישער מעשטשאנישער פרוי. דער וועג פונ אָט דער מאניעטשקע קענ געוויס אוועקניינ ווײַטער פונעמ מעשטשאנישנ דאלעדראמעס. זי קענ זיכ אוועקשטעלנ אפ דער צווייטער זײַט פונ די באריקאדנ ווי אינ דער געשטאלט פונ דער דעניקינישער מויד, די שפיאָנקע, פונ דער דערציילונג „לעבנ פאנצער-צוג".

אינ דער זעלבער דערציילונג טרעפנ מיר זיכ מיט עליאָקומענ—דער אייגנטימער פונ דער דרוקערײַ. ער איז די איבערבלײַבעניש פונ די בורזשואזע פילאנטראָפישע קאָהאלסלײַט. ער האלט זיכ העכער פונעמ גאנצנ שטעטל, ווי א דייע-זאָגער. צו אימ אינ די הענט פאלנ ארײַנ די 30 טויזנט רובל קאָנטריבוציע פארנ קאָמענדאנט. ער גייט זיכ מיט זײַנ געוויינלעכנ סייכל, אז דער איקער איז געלט, אז מיט געלט קאָנ מענ אלצ מאכנ. אז „ביז 12 אזייגער באנאכט איז בא א מענטשנ די קעשעניע העכער פונעמ

סיכל“. אַט דאָס מענטשל ווערט א מאַסער, ער גיט איבער דעם קאָמענדאנט, וועד עס האָט געדרוקט בא אים אינ דרוקעריַ די פראָקלאמאציעס.

„האָט עליאָקומס אָרנטלעכקײַט ניט אויסבאהאלטנ פונעם קאָמענדאנט אויכ א צוייטנ געדאנק זײַנעם—דאָס דאָזיקע שטיקל ארבעט קאָנ שטאמענ סײַדנ פונ ליי־זערקענ מיט זײַנע כעוורע“ (זײַט 65).

אינ דער פערזענלעכער איינגשאפט פונ עליאָקומס „אָרנטלעכקײַט“ ליגט א גאנצע אידעאָלאָגיע, וואָס טוט אלצ קעגנ רעוואָליוציע. דאָס איז „אָרנטלעכקײַט“, וואָס דארפ ראטעווענ זײַנ אייגענע דרוקעריַ פונ די באָלשעוויקעס.

פונ אנ אנדער שאטירונג, אָבער אינ גרונט דער זעלבער, איז כאיִמל באשעוועס. דער לעצטער איז אינ פארגלײַכ מיט עליאָקומענ פונעם נידעריקנ גראד. „דער קלעצלדיק קליינער באלעבאָס פונ אלעקסאנדרעווקער אײַנפאָר־הויז איז אײַנגעקלאמערט מיט זײַנ גאנצנ וועזנ אונ באלעבאטישקײַט אינ געלט“. בא אים פילט זיכ די פארדאָרבנקײַט פונ אנ אייגנטימער, וואָס איז בלינד צום ארום. נאָכ א שרעקלעכער נאכט פונ פיבער אונ גרויל, ווענ דאָס גאנצע שטעטל האָט אויסגעשריגנ די מוירע פארנ פאָגראָם, פארגעסט זיכ כאיִמל באשעוועס אפ מאָרגנ אינדערפרי וועגנ דעם אלצ אונ טראכט נאָר: „זײַנ אײַנפאָר־הויז וועט ווידער זײַנ אָנגעפאקט מיט געסט אונ מע וועט ווידער גוט לייזנ פאר היי אונ פאר האָבער אונ פאר אײַנשטיינ אונ פאר בעסגעוואנט אונ פאר א סאמאָוואר אונ עס וועט צו־פאלנ פאר פארשיידענע מעקלערײַענ—ס׳וועלנ זיכ אומקערנ די פריצים“... אונ אז. וו.

אינ אנ אטמאָספער פונ הארגעס, פונ אומראכמאָנעסדיקער רעציכע פונ די פאָגראָמשטשיקעס קלינגענ אָט אזעלכע געדאנקענ, ווי אנ אומזינ. צום גרויסנ באַ־דויערנ, איז דאָס געווענ א וואָרהאפטיקע דערשײַנונג.

איינע פונ די סאמע סאטירישסטע דערציילונגענ אינעם בוכ, איז די דערציילונג „יאָנע גריגאָריעוויטש“. דעם „העלד“ יאָנע גריגאָריעוויטש האָט די רעוואָליוציע בעעמעס געפלעפט דעם מויעכ, ער הויבט ניט אָנ צו פארשטיינ פונוואנענ האָט זיכ עס אלצ גענומענ, פארוואָס איז ער אינ פערזענלעכנ לעבנ אזוי איינזאם געבליבנ, פארוואָס האָט ער אופגעהערט שרײַבנ זײַנע פובליציסטישע ארטיקלענ. אונ זייער א ריכטיקנ ענטפער האָט ער באקומענ פונ זײַנ כאווער, מיט וועמענ ער האָט זיכ באגעגנט:

„ווייסט איר, וואָס איכ וועל אײַכ זאָגנ? מיר איז אָט אינ דער רעגע קלאָר געוואָרנ, פארוואָס איר האָט אופגעהערט צו שרײַבנ. הערט מיכ אויס, ס׳איז פאָשעט: וואָס האָט אײַכ אלע יאָרנ געקוועטשט? איר האָט דער צארישער געזעלשאפט אלע אײַערע יאָרנ געוואָלט זאָגנ: „כאפט דיכ א שווארציאָר“! נאָר אזויוויי איר האָט ניט געקאָנט ריידנ פראָסט, האָט איר דאָס צעצויגנ אינ אָנ א שיר ארטיקלענ. איצט אָבער מיטנ קומענ פונ די באָלשעוויקעס איז דאָכ קלאָר געוואָרנ: ס׳איז אלציינס, צי איר האָט עס צעצויגנ, צי ניינ“.

•

דאָס איז אנ אָפענער פאטש אינ פאָנעם ניט נאָר יאָנע גריגאָריעוויטשנ, נאָר דער גאנצער בורזשואזער אינטעליגענצ, וואָס האָט געוואָלט אָפקומענ בלויז מיט לינקע פראזנ וועגנ דער רעוואָליוציע.

מיר האָבנ ווײַט ניט אויסגעשעפט די כאראקטעריסטיקעס פונ אלע נעגאטיווע גע־

שטאַלטנ. אינ איטלעכנ פונ זיי זעט איר א בורזשואזנ שיכט, מיט דער ספּעציפישער בורזשואזער אידעאָלאָגיע; זיי זעענ אויס נעבעכדיק אונ קליינלעכ קעגנ דער נײַער קראַפט, וואָס וועט זיי סאָפּקאָלסאָפּ פארניכטנ.

מע קאָנ ניט פארבײַגיינ די געשטאַלט פונ קיווע „דראַטש". דאָס איז א סימ־וואָליש־טראַגישע פיגור, אינ וועלכנ עס איז קאָנצענטרירט דער גאַנצער שוידער פונ פּאָגראָמענ אונ וואָס רופט אײַנצײַטיק ארויס א מאָדנעמ געפיל פונ ראַכמאָנעס אונ איראָניע צו אָט דעמ מענטשנ. ווענ קיווע דערפילט, אז אינ שטעטל הייבט זיכ שוינ אָנ א פּאָגראָמ, הייבט ער אָנ שרײַענ אונ אפ אזויפיל שרײַענ, אז נאָכ אימ הייבט אָנ שרײַענ דאָס גאַנצע שטעטל.

„אינ אזוינע מינוטנ האָבנ אלעקסאַנדראָווקער אָנגעוואָרנ דעמ פארשטאַנד אונ דער דורשט צו לעבנ אונ צו פּראָטעסטירנ קעגנ דער אוולע, וואָס מע טוט זיי, האָט ווי באַמ אומבאַשיצטנ אורמענטש אײַנגעשלונגענ אלע אנדערע געפילנ אונ ניט געלאָזט קיינ מינדסטנ אָרט פאַר קיינ בושע, אלעמײַ מע דער־נידעריקט זיכ ביז אזוינע הילפלאָזע געשרייענ. אלעקסאַנדראָווקע איז געווענ אפ יענער זײַט בושע אונ אפ יענער זײַט פּאַכדאָנעס. עס האָבנ ניט געשריגנ שוינ אייניקע זייער קראַנקע. אונ אויב ערגעצ אינ א הויז האָט איינער אזא קראַנקער אפ א ווײַלע אינמיטנ נאַכט אײַנגעדרעמלט אונ באַלד נאָכ דעמ זיכ אופגעכאַפּט, האָט זיכ אימ געדאַכט, אז די געשרייענ הערט ער שוינ לאַנגע יאָרנ... אונ אז קיווע שרײַט ניט איינער אליינ—אינײנעמ מיט אימ שרײַענ אלע אנטלאָפנטע אונ דערנידעריקטע, וואָס זײַנענ פונ אייביקע יאָרנ באאוולט געוואָרנ אפ פארשיידענע אויפאַנימ אונ אינ פארשיידענע ערטער" (ז. 71).

אינ קיווס געשריי איז סימוואָליזירט דוירעסדיקע מענטשלעכע ליידנ. דאָס איז א געשריי פאַר דער שטומער שטיפ־מיידל זילפּע, ווענ די פּעטליוראָווצעס האָבנ פארגוואַלדיקט, דער ווייסעק פאַרנ קירזשנערס ווײַב, וואָס מע האָט געהארגעט איר מאַנ; דאָס איז געשריי פונ גרויסער מאַכטלאָזיקייט, וואָס די אלטע רוסלאַנד האָט אײַנגעפּלאַנצט אינ א גרויסנ טייל פונ דער קליינשטעטלדיקער באַפעלקערונג; דאָס איז אויסגעשריי ווענג דעמ פיזישנ פארניכטנ אפ א באַרבאַרישנ אויפנ דעמ מענטשלעכנ אינדיווידוומ באַמ קאַפּיטאַליזמ. מיר זײַנענ אויכ איצט איידעס פונ אזא מינ אָבסקוראַנטיזמ אינ די פאַשיסטישע לענדער.

* * *

די אָקטיאַבער־רעוואָליוציע האָט ארײַנגעשפּראָצט לעבנ אינעמ שטעטל, האָט אימ אופגעהויבנ פונ געפאַלנקײַט, האָט דורכגעלײַטערט די מויכעס פונ די פארגרעבטע אונ דערשלאָגענע, האָט געשאַפנ באַמ האָרעפּאַשנעמ טייל אנ אקטיווע באַציִונג צו דער נײַער ווירקלעכקײַט.

בערגעלסאָנס סאָוועטישע געשטאַלטנ זײַנענ ווייניקער אינדיווידואַליזירט אינ פארגלײַכ מיט זײַנע נעגאַטיווע געשטאַלטנ. מע דאַרפ נעמענ אינ אכט, אז די דאָזיקע דערציילונגענ זײַנענ אָנגעשריבנ געוואָרנ אינ די סאַמע ערשטע יאָרנ פונ בירגער־קריג. אָבער דאָכ איז שוינ פאַראַנ אינטערעסאַנטע עסקיזנ אונ פּאָרטרעטנ פונ נײַע מענטשנ, וואָס זײַנענ צונויפגעוואַקסנ ווי איינ גאַנצעס מיט דער נײַער ווירקלעכקײַט אונ זײַנענ אנ אָרגאַנישער טייל פונ דער רעוואָליוציע. אינ די דאָזיקע

געשטאַלטן ווערן אויפגעהויבן נײַע פּסיכאָלאָגישע פּלאַסטן מיט אַ גאָר נײַער וועלט
פון געפילן און איבערלעבונגען, מיט גאָר אַנדערע באַציִונגען צו מענטשן, מיט
גרויסער סאָציִאַלער אַכרײַעס און עכטן הומאַניזם צום צווייטן, צו וועלכער נאַציע
ער זאָל ניט געהערן.

דאָס זײַנען פאָלקס־מענטשן פון אַרבעט, וואָס ביז דער רעוואָליוציע האָט זיך
בײַ זיי אָנגעזאַמלט אַ היפּשער באַרג פאַרדראָסן פון די סאָציִאַלע אומגערעכטיקײַטן.
דאָס זײַנען מענטשן מיט אַן אַקטיווער נאַטור, מיט אַ ליכטיקן קוק אויף דער וועלט,
מיט קלאָרע ענדציִלן. מע קאָן זיי אָנרופן, ווי דער שרײַבער רופט אָן לייזערקען,
„מאָרגן־מענטשן“. די רעוואָליוציע נעמען זיי אויף מיט זייער פּראָלעטאַרישן כוח. די
דאָזיקע מענטשן ראַטעווען דאָס שטעטל פון די פּאָגראָמען, לייזן די פּראָבלעם
פונעם שטעטל.

אין אַסאַך דערציילונגען פיגורירט דער פּאַרטיזאַן זאַזולי, פונקט ווי עס פיגר־
רירט דער פּאַרטיזאַן לייזערקע. אין דער דערציילונג „בײַם טעלעפאָן“ איז זאַזולי
דער הויפּט־העלד. זאַזולי איז אַ באַטראַק, אַלע זײַנע יאָרן אָפּגעאַרבעט בײַ די פּרי־
צים, אין דער רויטער אַרמיי האָט ער זיך אויסגעלערנט לייענען. די רעוואָליוציע
איז בײַ אים אַלץ, ער געהערט דער רעוואָליוציע, פונקט ווי דער טעלעפאָן, וועלכן
מע האָט אים אָנגעטרויט, געהערט דער רעוואָליוציע.

אָט דער זאַזולי איז אויסערלעך, דאַכט זיך, אַ קליינינקער, אַ שוואַכער, צײַטנ־
ווײַז פּרוויש מילד, אַ זויבערער, אָבער ער פאַרמאָגט אין זיך גרויסן שטאָלץ און
דעריקער אַקשאָנעס פאַר דעם, וואָס מע האָט אים אָנגעטרויט. דער שרײַבער סטי־
ליזירט זאַזולים שפּראַך, וואָס זעט נאָך אויס גראָב, אומיטלבאַר. אָבער עס שפּראָצט
פון אים מיט ענערגיע פון אַ מעכטיקן זיגנדיקן קלאַס. און ווי נעבעכדיק זעען אויס
אַנטקעגן אים די קרעטשמאַרעס, וווּ זאַזולי געפינט זיך אויף קוואַרטיר מיט זײַן טעלעפאָן.

זאַזולי איז וווּנדערלעך. אין אַזאַ קליינינקער נאָוועלע מיט אַ קנאַפּן סיוזשעט
וואַקסט אויס אַ טעמפּעראַמענטפולע געשטאַלט מיט גרויסע מײַסים.

אין דער דערציילונג „צוויי פּאַרטיזאַנער“ ווערט גערעדט וועגן די פּאַרטיזאַנער
סאַראַס און זיק און, ווי פון אַ זײַט, פאַרבײַגייענדיק, מיט זייער קאַרגע שטריכן
באַווײַזט זיך די געשטאַלט פון דער באָלשעוויסטקע מירע. זי איז באַוויזן מער
גײַסטיק, ווי קערפּערלעך. מיט איר פּאַרטיזאַנישקײַט האָט זיך צונויפגעפּאָרט די
פרוייִשע צאַרטקײַט, אַפילע אַ קליינע דאָזע פון סענטימענטאַלקײַט. איר שווערע
מאַטעריעלע פאַרגאַנגענהײַט האָט ניט אָפּגעטעמפּט בײַ איר די געפילן פון גײַסטי־
קער באַפרידיקונג. זי בענקט נאָך אַ פּיאַנע און נאָך שיין שפּילן, וואָס איז פריִער
געווען ווײַט פון איר. פריִער האָט זי נאָך דעם אַפילע בענקען ניט געקענט.

„און מיר ווערט אַזוי גוט בלויז דערפאַר, וואָס אויף דער וועלט איז פאַראַן אַזאַ
ווילע זאַך, ווי אַ פּיאַנע און מע קאָן שיין שפּילן“. די פּאַרטיזאַנקע איז אידייִש
און טיף מענטשלעך אין דער באַציִונג צו אירע נאָענטע כאַווירים. זי לערנט זיי
און איז פאַר זיי אַ מוסטער פון אידעאַלער אויפירונג.

אין די פּאַרטיזאַנער איז ניטאָ די טרוקנקײַט און איינזײַטיקײַט, די הוילע פּאַר־
טיזאַנשטשינע, ווי מיר זײַנען געוווינט געווען צו זען אין דער ליטעראַטור אין אַ רײ
געשטאַלטן פון בירגער־קריג.

די דאָזיקע געשטאלטנ זײַנענ ניט צו פארגלײַכנ מיט פיליפאָװנ פונ בערגעלסאָנס װערק „מידאס האדינ“. פיליפאָװ איז א לײַדנדע נעשאָמע פונ דער רעװאָליציע, זײער א קראנקער, שטענדיק א פארקרימטער אונ אפ זײַנ קאָפ הענגט שטענדיק דער גרויער פאָנ. די דאָזיקע מענטשנ זײַנענ אסאכ ליכטיקער, מוסקולדיקער פונ פיליפאָװנ.

דאָס גרויסע געזעלשאפטלעכע לעבנ באם מענטשנ הײבט זיכ אָנ ניט מיטאמאָל, נאָר גראָד פונ פריװאטנ, אָפטמאָל פונעם אומבאמערקבארנ פאקט, אינטימע לײַבלעכע געפילנ קאָנענ דערהויבנ װערנ צו אלגעמײנע געזעלשאפטלעכע געפילנ. בערגעלסאָנ געפינט פאר אײניקע געשטאלטנ זײַנע אזעלכע פערזענלעכע איבערלעבונגענ, װאָס גײענ אריבער אינ געזעלשאפטלעכע.

שײַעס ליובער פונ דער דערצײלונג „לעבנ פאנצער־צוג“ איז א געװײנלעכער ערלעכער בירגער, אלײנ אנ אָנגעשטעלטער. ער האָט זײער שטארק ליב זײַנ ברודער, דעם רויטארמײער, מיט „באשיצנדיקער הײמישקײַט“. ער איז זיכער, אז דער רויטארמײישער פאָלק, װו זײַנ ברודער דינט, „מוז שוינ זײַנ אײנמאָל א פאָלק... א גרויסער פאָלק“.

אָט איז אזא דעטאל. שײַע גײט באגעגענענ דעם ברודער, װאָס דארפ אָנקומענ מיטנ רויטארמײישנ פאָלק. דאָרטנ אפנ װאָקזאל בײַטנ זײ זיכ מיט די שטיװל. די ליבע צו זײַנ ברודער איז פארשלגעמײנערט געװאָרנ צו אלע „ברידער אונ שװעסטער, צו אלע האָרעפאשנע מענטשנ, װאָס לעבנ געטרײַ אויסגעבונדנ“. שײַע איז ניט נאָר דער סימפאטיזירנדיקער צו דער רויטער ארמײ, ער װערט אירער אנ אקטיװער העלפער. אפנ װאָקזאל פילט ער אויס די פליכט צו אופדעקנ די דעניקינישע מויד, די שפּיאָנקע. אונ אפ א נאטירלעכנ אויפנ גיסט ער זיכ ארײַנ אינ דער רויטער ארמײ.

„ער איז געפאָרנ אינאײנעם מיטנ נ־ער פאָלק אָדער אפ צו זיגנ, אָדער אפ אומקומענ, אונ געװוּנדערט האָט אים, װאָס צוגעגאנגענ איז עס אזוי פראָסט, אָט דאָס, װאָס ער איז אפנ װאָקזאל ארײַנ אינ דער רויטער ארמײ,—קימאט פונ זיכ איז עס פאָרגעקומענ. װער שמועסט, אז דאָ אינ פאָלק האָט ער שוינ א ברודער. אונ אלײנ האָט ער שוינ סמײַוויסײַ פארנ פאָלק עפעס אָפגעטאָנ—שוינ געפאָרנ פאר אים נאָכ פראָװיאנט אונ שוינ געכאפט א שפּיאָנ—מע קאָנ זאָגנ: ער איז שוינ א הײמישער“ (ז. 207).

שײַע ליובער—דאָס איז אײנ װעג צו דער רעװאָליוציע. עס װערנ באװיזנ אנדערע װעגנ, װיאזוי מענטשנ װערנ איבערגעבוירנ. אשטײגער, אבע דער באלעגאָלעיונג פונ דער דערצײלונג „אײנעמס א װעג“, „װאָס האָט אלע יאָרנ געטאָנ אומזיסטיקע אונ איבעריקע ארבעט צוליב אנדערע אונ האָט דערפאר ניט באקומענ קײנ שום לוינ. אינ דעם איז באשטאנענ זײַנ געשיכטע, א געשיכטע פונ א באאװלטנ, פאר װעמענ קײנער שטעלט זיכ קײנמאָל ניט אײַנ“. אָט דער „באאװלטער“ אבע קומט צו דער רעװאָליוציע, װי צו א מוז־זאכ. די רעװאָליוציע איז בא אים געװאָרנ דער אײנציקער אויסװעג קעגנ די פאָגראָמענ, אונ דער אײנציקער אויסװעג פאר א פולװערטיקנ פערזענלעכנ לעבנ.

מע קאָנ ניט פארבײַגײנ אזא אינטערעסאנטע געשטאלט, װי דער ראָקטער פונ נ־ער פאָלק פונ דער דערצײלונג „איבערגעבורט“. אגעװ, האָט שוינ בערגעלסאָנ

געהאט צו טאָנ מיט דער געשטאלט פונ א דאָקטער אינ „מידאס האדינ“. דאָרט פיגורירט דער דאָקטער באביצקי, א פאָרשטייער פונ דער סאמע קאָנסערוואטיווער בורזשואזער אינטעליגענצ, וואָס וויל נית אונ קענ נית אריבערטראָגנ די רעוואָלירציע. דאָס וואָרט „רעוואָליוציע“ שטעכט אימ אינ די אויערנ. ער איז א פארגיפטיקטער מענטש, וואָס איז פײַיִק בלויז שעדיקנ דער רעוואָליוציע.

דער דאָקטער פונ נ־ער פאָלק אָנ א נאָמענ געפינט זיכ אינ דער רויטער ארמיי און היילט מיט לײַב און לעבנ די פארווונדעטע רויטארמייער. ער פארשטייט אָבער נית די רעוואָליוציע אינגאנצנ ביזנ סאָפ. ער באגרײַפט נית, אז די רעוואָליוציע איז איינצײַטיק די באשיצערנ און נעקאָמע־נעמערנ פאר די באליידיקונגענ און דערנידעריקונגענ, וואָס ער האָט באקומענ פונ די פאָגראָמשטשיקעס. אז גראָד אינ דער רויטער ארמיי איז דער בעסטער וועג פונ נויקעמ זײַנ זיכ אינ די אומבערענגער פונ זײַנ פאמיליע.

דער דאָקטער לאָזט זײַנ רויטארמייִשנ טייל און פאָרט צו זיכ אהיימ זיכ צערעכענענ מיטנ מערדער פונ זײַנ פאמיליע. זײַנ אינטעליגענטישע שוואכקײַט לאָזט עס אימ נית טאָנ. גלײַכער פארענדיקנ מיט זיכ אליינ. די רעוואָליוציע אינ דער פערזאָנ פונ דער לעבנסווירדיקער געשטאלט — די באָלשעוויסשקע מירע (וועגנ איר איז געווענ א רייד פריִער), מיט וועלכער ער באגעגנט זיכ, צעווייט אינ אימ די צעקראָכנקײַט און אפאטיע־שטימונג און אָטעמט אינ אימ ארײַנ געפילנ פונ וועלנ לעבנ און קעמפנ. דער דאָקטער קערט זיכ אומ ווידער אינ דער רויטער ארמיי, צו זײַנ טייל, צו ראטעווענ מענטשלעכע לעבנס פונעמ טויט. דער אינערלעכער פערזענלעכער ווייטעק און באליידיקונגענ פונ די גרויסע מערדערײַענ ווערט געלינדערט דורכ דער רעוואָליוציע.

בערגעלסאָנס געשטאלטנ זײַנענ באוויזנ נית אינדערברייט, נאָר אינ קווערשניט, אינ דער טיפ, דורכ קארגע מײַסים. יעדער געשטאלט האָט זיכ זײַנ אייגנס און ס'איז גענוג צו ווײַזנ אָט דאָס אייגנס, אז די געשטאלט זאָל זיכ גלײַכ באווײַזנ אינ דער פולער גרויס.

בערגעלסאָנס געשטאלטנ זײַנענ נית נאקעט, זיי זײַנענ געשילדערט אינ א באשטימטער סוויווע, אינ א באשטימטער צײַט, אינ ענגער פארבינדונג מיט געווויסע געשעענישנ.

איינער פונ די וויכטיקסטע קאָמפאָנענטנ אינ בערגעלסאָנס שאפנ איז דער פאָנ. דער פאָנ — דאָס איז די גאנצע ארומרינגלונג, אינ וועלכער עס געפינענ זיכ זײַנע געשטאלטנ.

בערגעלסאָנס פאליטרע איז זייער א רײַכע. בערגעלסאָנס פאָנ נעמט אופ דער לייענער מיט אלע זײַנע פינפ כושים. בערגעלסאָנ קענ איבערגעבנ די דינסטע ניואנסנ פונ א דעטאל, וואָס זאָל שאפנ א שטימונג. און אָפט קענ א דעטאל ווערנ דער לייטמאָטיוו פונ א גאנצער דערציילונג. אָט איז אזא בײַשפּיל: די דערציילונג „איינעמס א וועג“ הייבט זיכ אָנ מיט אזא בילד:

„אינמיטנ דאָרפ אפנ שטיבל פונ שטאב האָט פונ באנצפרי אָנ געפלאטערט א שטיק רויטער שטאָפ. דער שטאָפ האָט, ווי א פרישער קימפעט־פאָרהאנג, געהאט פיל פרייד אינ זײַנע קנאקנדיקע כוואליעכלעכ און אינ אלע אומרויִקע קנייטשנ פונ זײַנע פאָכנדיקע עקנ“.

לייענט מענ איבער די גאנצע דערציילונג, זעט מענ, אז די דאָזיקע דעטאל איז ניט קיינ צופעליקע. אז פאר דעמ פּראָסטנ יעכיעל־מוישע דעמ באלעגאָלעס באָכער — אבע, וועלכנ מיר האָבנ פריער געפרווּוט כאראקטעריזירנ, איז די רויטע פאָנ, וועלכע הענגט אפנ שטיבל פונ שטאב, און וואָס געהערט דעמ נ־ער פאָלק, געוואָרנ זײַנ וועגווײַזער, זײַנ דעוויז.

די דערציילונג „באמ וואָיענקאָמ אינדערהיימ“ הייבט זיכ אָנ מיט אזא פּאראל־געמיינערנדיקנ בילד פונ שטעטל.

„פונוואַנענ מיינט מענ — ס׳איז א לײַגנדיקע טשערעדע, וואָס געפינט זעלטנ א גרינ גרעזל אפ ארומיקע זאמדנ און באנוגנט זיכ פארזאָרגטערהייט מיט מאלעניירענ.

נעענטער דערזעט מענ: ס׳איז אָנדערהאלבנ מייעס הײַזער. זיי האָבנ ארומ זיכ ניט קיינ הויפנ און ניט קיינ ביימלעכ און בויגנ זיכ שווער אונטער אלטע טשערעפּענע דעכער. אלע אינײנעמ הייסנ די הײַזער אלעקסאנדראָווקע, אלע אינײנעמ זײַנענ זיי אנ אלטער ייִדישער ייִשעוו, וואָס ציילט זײַנע יאָרנ לויטנ אלטנ ייִדישנ לועכ, רײַסט פונ אימ א בלעטל נאָכ א בלעטל און לייענט:

— געווענ אמאָל אייניקע אָוועס, — אזוי שטייט אינ כומעש.

— געווענ אמאָל א מאבל.

— געווענ אמאָל גאָנטעס צײַטנ.

— געווענ פּאָגראָמענ אינ די 80־ער יאָרנ“.

אפילע אינ דעמ בילד אליינ פונעמ שטעטעלע אלעקסאנדראָווקע, פונעמ „אלטנ ייִדישנ ייִשעוו מיט אָנדערהאלבנ מייעס נאקעטע הײַזער“ דערפילט איר די איינזאמ־קײַט, נעבעכדיקײַט, דערשלאָגנקײַט, מיט איינ וואָרט, טראגישקײַט. און אײַנצײַטיק געמיינקײַט פונעמ קליינעמ שטעטל. אהער קומט אָנ לייזערקע, וואָס איז איינער פונ די אויסלייזער פונ שטעטל. אינ די ערטער, ווו עס באווײַזט זיכ לייזערקע, ווערט גלײַכ ליכטיק. עס פילט זיכ א געוויסע וואַרעמקײַט און א ליבע־באציִונג.

בא אסאכ שרײַבער איז שווער צו געפינענ דעמ צוזאמענהאנג פונ דער נאטור־אָפּמאָלונג מיט דער געשילדערטער געשעעניש אָדער געשטאלט. בא בערגעלסאָנענ איז דער פאָנ ניט קיינ באשרײַבערישער, נאָר א כאראקטעריזירנדיקער, זייער א דינאמישער און אויסדריקלעכער, און אינ יעדנ פאל ווערט ער געבראכט אפ צו אונטערשטרײַכנ זײַנ באציִונג צו דער זאכ, אָדער צו א וועלכער ניט איז געשעעניש, אָדער צו שאפנ א שטימונג.

די דינאמישקײַט דריקט זיכ אויס אינ באלעבנ טויטע זאכנ אָדער קעגנשטאנדנ, נאטור־דערשײַנונגענ, אינ שפּיל מיט דער שײַנ; בא בערגעלסאָנענ ווערט אָפּטמאָל דער פּייזאזש פארוואנדלט אינ א געשטאלט, וואָס פארמאָגט אויכ זײַנ אייגענעמ אָטעמ, פּונקט ווי דער וואָקזאל פונ „ארומ וואָקזאל“ טראכט, דרימלט, וויינט, איז מע־לאנכאָליש, מאָרעשכוירעדיק.

אינ דער דערציילונג „לעבנ פאנצער־צוג“ קומט אויכ פאָר די גאנצע האנדלונג אפנ וואָקזאל. אָט האָבנ מיר א בילד, ווענ עס קומט אָנ דער צוג מיט א פאָלק רויטארמייער.

¹ „שטערנ“ נומ. 1.

„דעם צוגס געפּאנצערטער לאָקאָמאָטיוו—א פּראָנטאָוונער גיבער—האָט שטיל געברומט, געזאָגט מיט אַלע זײַנע פּריש־גערייניקטע הייסע און פּעטלעך־טשאדנדיקע דערנ. די פארשמאָלטע פּיסקעס פונעם צוגס גרעסערע און קלענערע הארמאטנ האָבנ געשטעקט וואכעדיק און בייז. קיינ איינ לעבעדיקנ נעפעש איז אינ ערגעצ אינעם צוגעקומענעם צוגס געפּאנצערטע וואגאָנעס ניט געווענ צו זענ. געדאכט האָט זיכ דעריבער, אז מיט זײַנ שלעפּעריקנ דערנעענטערנ זיכ אהער, איז דער צוג ניט אויסנ גאָרנישט אויסער אויסרוענ זיכ, כאפּנ דאָ א דרעמל".

אינ דער דערציילונג „באם וואָ־יענקאָם אינדערהיימ", ווו דער שרײַבער שילדערט די איבערלעבונגענ פונעם שטעטל בייסנ פּאָגראָם, דערפילנ מיר דעם שוידער ניט נאָר בא די מענטשנ פונעם שטעטל, נאָר אויכ אינ דער לופט פונעם שטעטל. די לופט אינ אלעקסאנדראָווקע פארנ פּאָגראָם איז פול „מיט צאפּלדיקנ שוידער פונ די פארשלאָפענע פויגלשע געשרייענ", די לופט איז „אינ טעמפּע רוישיקע ספּאזמעס", די לופט לעבט אויכ איבער דעם פּאָגראָם, אָדער „קאַלטבלוטיק האָט פונ אלעקסאנדראָווקער נאסע דעכער געטריפט דער אומגליק א טראָפּנ נאָכ א טראָפּנ, נאָר ראכמאָנעס בעטנ איז ניט געווענ בא וועמענ". דאָס איז א בילד, וואָס דריקט אויס גרויסע אומבאהאָלפנקײַט.

אָט האָבנ מיר אזא פּייזאזש: „ערטערווײַז זײַנענ איבערגעטריקנטע סנאָפּעס געלעגנ צעוואלגערט, גלײַכ ווי שיירים וואָלטנ זיכ פארשפּרייט ניט מער ווי אפ קוליענ זיכ, אפ טאנצנ—זיי זײַנענ געלעגנ ווי העפקער און פונ דער געגנט האָט ניט געקוקט צו זיי קיינ איינציק אויג". אינ די „העפקערדיקע סנאָפּעס" דערפילנ מיר די פאריאָסעמטקײַט פונעם שטעטל.

בערגעלסאָנס פּייזאזש איז א באזונדער טעמע, וואָס פאָדערט א באזונדער אויספאָרשונג.

בערגעלסאָנ איז געטרײַ זײַנע שעפערישע מיטלענ אויכ אינ די דערציילונגענ ווענג בירגער־קרינ. אינ די דאָזיקע דערציילונגענ איז בערגעלסאָנ געקומענ מיט ליכטיקע פארבנ, מיט נײַע מענטשנ אפנ פּאָנ פונעם שטעטל באם באגינענ פונ דער אָקטיאבער־רעוואָליוציע.

ניט אלע דערציילונגענ זײַנענ אָנגעשריבנ אפ איינ אויפנ. אינ אייניקע איז בערגעלסאָנ מער דערציילעריש („צווײ פּארטיזאנער", „הערשל טאָקער", „באם טעלעפאָנ"), אינ אנדערע פּרעוואלירט דער מאָלערישער עלעמענט („באם וואָ־יענקאָם אינדערהיימ", „לעבנ פּאנצער-צוג" א. אנד.). אָבער אלע דערציילונגענ זײַנענ אפ א הויכנ קינסטלערישנ ניוואָ און פּסיכאָלאָגיש פארטיפט.

יעדערער פונ די פּאָזיטיווע געשטאלטנ האָט זיכ זײַנ לעבנסוועג, וואָס פּאלט צונויפ אינ איינ געזעלשאפטלעכנ אינטערעס—רעוואָליוציע. דאָס איז געוויס אנ אָנהייב פונ בערגעלסאָנס נײַע געשטאלטנ. עס וועלנ נאָכ אופלעבנ אונטער דעם שרײַבערס פענ נײַע פּערסאָנאזשנ מיט סאָציאליסטישע אידעאלנ.

ל. דושמאנ

# שאָלעמ-אלייכעמ אינ מינסק אינ די יאָרנ 1908 אונ 1914

(פונ ארכיוו־מאטעריאלנ)

אינ די ערשטע טעג פונ יול כוידעש 1908 יאָר איז שאָלעמ־אלייכעמ געווענ אפ א פאָרלעזונג אינ מינסק. די ארבעטנדיקע האָבנ אימ אופגענומענ מיט גרויס באַגײַסטערונג. אינ דער ייִדישער פרעסע פונ יענע יאָרנ געפינענ מיר אינ א ווארשעווער צײַטונג א קאָרעספּאָנדענצ פונ מינסק, וווּ עס ווערט איבערגעגעבנ וועגנ דעמ שאָלעמ־אלייכעמ־אָוונט.

אָט וואָס מיר לייענענ אינ אָט דער קאָרעספּאָנדענצ פונ מינסק:

„א שיינעמ גאסט האָבנ מיר נעכטנ געהאט. שאָלעמ־אלייכעמ—דער ייִדישער בענקאָכידל, דער ליבלינג פונ אלע ייִדנ—איז געקומענ צו אונדז אונ האָט אונדז מיט זײַנ פולער האנט געבראכט פארגעניגנ, פריילעכע מינוטנ.

„אינ גרויסנ שטאָט־טעאטער, בא א פובליקומ פונ העכער טויזנט מענטשנ, האָט ער דערציילט „זײַנע" מײַסעס, ווי „פישל מעלאמעד פאָרט אפ פייסעכ אהיימ", ווי א ייִד גיט אָפּ זײַנ זונ אינ „גימנאזיע", ווי א ייִד עסט „מילכיקס". אונ אז שאָלעמ־אלייכעמ דערציילט, איז דאָס מײַסטערהאפט, קונסטשטיק שטעקט אינ דעמ, אונ מע וויים ניט פונ וואָס פריִער ניספּאָעל צו ווערנ: צי פונ דער מײַסע אליינ, אָדער פונ דעמ, ווי שאָלעמ־אלייכעמ דערציילט זי.

„אונ שאָלעמ־אלייכעמ איז ענג אופגעבונדנ, אופגעקניפט מיט זײַנ אוילעמ אונ זיי ארבעטנ צוזאמענ. דערציילט שאָלעמ־אלייכעמ, שווײַגט דער אוילעמ אונ שלינגט שטילערהייט זײַנע ווערטער, זײַנע טנועס אונ באוועגונגענ. לאכט דער אוילעמ, שווײַגט שאָלעמ־אלייכעמ אונ קלײַבט נאכעס פונ דעמ, וואָס אָרעמע, דערשלאָגענע ייִדישע קינדער אפ דער גאליאָרקע קענענ זיכ אמאָל, אדאנק אימ, אויסלאכנ פונ פולנ הארצנ...

„אָבער די רעכטע ארבעט הייבט זיכ ערשט אָנ דעמלט, ווענ שאָלעמ־אלייכעמ ענדיקט זײַנ מײַסע. דער אוילעמ „ארבעט", אפּלאָדירט, פאטשט בראוואָ אונ פארהילכט דעמ זאל...

„אונ דער אוילעמ איז בא זיכ טאקעפדיק אינ פירט אויס בא שאָלעמ־אלייכעמענ, וואָס ער וויל. שאָלעמ־אלייכעמ וויל שענקענ מינסק נאָכ איינ אָוונט. אונ דער אוילעמ שרײַט: „גוואלד"! הונדערטער מענטשנ האָבנ קיינ בילעטנ גאָרניט באקומענ

צו קויפן און האָבן גאָרניט געהערט. און די, וואָס האָבן געהערט, האָבן אויך מער ניט, ווי דעם אפעטיט צערייצט...

„און שאָלעמ-אַלייכעם קאָן ניט באַשטיין און גיט זיך אונטער דעם ווילעם: ער בלייבט אַף אַ צוויייטן אָוונט, וועלכער וועט פאָרקומען די נאָענטסטע טעג און אַף וועלכן דער ווילעם וואַרט מיט אומגעדולד".

אינעם זעלבן 1908 יאָר, סאָף יול כוידעש, איז שאָלעמ-אַלייכעם, זײַענדיק אַף אַ פאָרלעזונג אין באַראַנאָוויטש, פּלוצלינג קראַנק געוואָרן, איז דאָרט אָפּגעלעגן צוויי כאַדאָשים און איז נאָכדעם אַרויסגעפאָרן קיין אויסלאַנד היילן זיך.

פאַרן אָפּפאָרן קיין אויסלאַנד האָט ער פאַרעפנטלעכט אַ בריוו אין דער פּרעסע, אַן ענטפער אַף די בריוו און טעלעגראַמעס, אין וועלכע מע האָט אים אויסגעדריקט מיטגעפיל אין דער שווערער לאַגע פון זײַן שלאַפקײַט.

שאָלעמ-אַלייכעם שרײַבט:

„... איין זאַך נאָר, וואָס די דאָקטוירים זאָגן, אַז אין צוויי-דרײַ וואָכן אַרום, מוז איך פאַרלאָזן רוסלאַנד און פאָרן אַהין „ווו די ציטראָנען בליען". זיי פאַרזיכערן, אַז נאָך דרײַ אָדער פיר כאַדאָשים פאַרברענגען אין די „וואַרעמע לענדער", וועל איך קומען צוריק פולשטענדיק געזונט. און אַז דאָקטוירים זאָגן, דאַרף מען גלויבן. דערוווײַל דערלויבן זיי מיר ניט שרײַבן, ניט לייענען, ניט ריידן. אָנשטאָט דעם הייסן זיי עסן, טרינקען און שלאָפן, דאָס הייסט, מע דאַרף זיך דערנעענטערן מער צו דער מאַדרייגע פון בעהיימע אַלס מענטש... און אַז דאָקטוירים הייסן— דאַרף מען פאָלגן. איך שרײַב דעם בריוו זייער בעכיפּאָזנדיק, אַף איין פוס, און ביגנייווע, אַז קיינער זאָל ניט זען"...

דעם 25-טן אָקטיאַבער פון 1908 יאָר איז געפײַערט געוואָרן שאָלעמ-אַלייכעמס 25-יאָריקער ליטעראַרישער יובילײ. שאָלעמ-אַלייכעם האָט אַסאַך איבערגעלעבט פון דעם, וואָס ער האָט זיך געפינען אין אויסלאַנד, ווײַט פון זײַן היים, ווײַט פון זײַנע פרײַנט און פאַרערער.

אין אַ בריוו אין דער יידישער פּרעסע אין 1909 יאָר לאָזט שאָלעמ-אַלייכעם וויסן פון אויסלאַנד וועגן זײַן געזונט-צושטאַנד. ער שרײַבט:

„... שטעלט אײַך פאָר, מע האָט מיך אָוועקגעלייגט און מע לאָזט מיך ניט שרײַבן אַפילע מיט אַ בלײַשטיפט, ייִמאַך שמאָם זאָלן זיי ווערן! ווי די מאַלאַכייכאַבאָלע אַף יענער וועלט דרייען זיי זיך פאַר די אויגן, דער אָרײַן, דער אַרויס. און ווי אַף צעלאָכעס פלאָנטערן זיך כאַלוימעס, וועבן זיך בילדער, און טיפן, לעבעדיקע, צאַפּלדיקע, שוועבן ווי די זומער-פליגן, זשומען, בעטן זיך, כאַלעשן מע זאָל זיי אַרויסברענגען אַפן פּאַפּיר—נאָר גיי טו עפּעס, אַז דער הוסט האָט זיך אָנגעטשעפּעט, ווי אַ קלעק, און די מאַלאַכיי-כאַבאָלע מיט די ווײַסע קיטלען, לאָזן ניט אָפּ פון אויג, ניט מעגלעך צו זינדיקן, ניט מעגלעך צו נעמען אַ פען אין האַנט. סײַדן באַנאַכט, אַז קיינער זעט ניט? זײַנען זיי אָבער אויך ניט קיין נאַראָנים (כאָטש אַפילע דײַטשן); זיי פאַרדרייען די לאָמפּן און פון צען באַנאַכט ווערט אַ בייסאַקוואָרעס. וואָס וועט זײַן דער טאַכלעס—איז שווער צו זאָגן; פאַר איינס בין איך אײַך אָרעוו: מײַלע קרענקען—מאַכטייסע, קרענקען איז אַ גאָט-זאַך; נאָר שטאַרבן—לוי! איך האָב פײַנט, אַז מע שטאַרבט"...

זעקס מיט א האלבן יאָר איז שאָלעם־אליכעם אָפגעווען אין אויסלאנד, און אין פרילינג 1914 יאָר איז ער געקומען קיין רוסלאנד.

ארויסטרעטנדיק אין א ריי שטעט (ווארשע, ריגע א. א.) האָט שאָלעם־אליכעם

Минскому Полицiймейстеру.

Поручаю Вашему Высокоблагородiю объявить Совѣту Старшинъ общественнаго собранiя служащихъ въ торгово-промышленныхъ учрежденiяхъ города Минска, что ходатайство о разрѣшенiи устройства въ помѣщенiи Купеческаго Собранiя публичнаго чтенiя на разговорно-еврейскомъ языкѣ писателя Ш. Рабиновича /Шоломъ-Алейхемъ/ оставлено мною безъ удовлетворенiя.

Губернаторъ

\Правитель Канцелярiи

געזאָלט קומען קיין מינסק. אָפּ צו באַקומען אַ דערלויבעניש אין מינסק האָט מען אָנגעהויבן אַרבעטן אַסאַך פריִער. נאָך אין מאַרט כוידעש פונ 1914 יאָר איז דעם מינסקער גובערנאַטאָר אָנגעגעבן געוואָרן אַ „פּראָשעניע" אָפּ אַ שאָלעם־אַלייכעם־אָוונט, נאָר עס איז באַקומען געוואָרן אַן אָפּזאָג. עס זײַנען אָנגעגעבן געוואָרן נאָך דרײַ מעלדונגען, צוויי האָט מען ווידער אָפּגעזאָגט און בלויז אָפּ איינער איז גע־לייגט געוואָרן אַ רעזאָליוציע, אַז עס ווערט דערלויבט שאָלעם־אַלייכעמען דעם 20־טן מײַ לייענען אין מינסקער סאָכרים־קלוב זײַנע ווערק: „באַם דאָקטאָר", „לעכ־לעכאָ" און „אַן אייצע".

דעם 20 מײַ האָט די מינסקער „מינסקאיא גאזעטא קאָפּייקאַ" געשריבן:

„הײַנט, דעם 20 מײַ, וועט אין זאַל פונ סאָכרים־קלוב דער באַוווסטער ייִדישער שרײַבער שאָלעם־אַלייכעם לייענען זײַנע ווערק.

„עס איז איבעריק צו ריידן וועגן יענעם גרויסן אינטערעס, וואָס עס שטעלט מיט זיך פאָר זײַן לייענען.

„דער גרויסער קינסטלער־הומאָריסט שאָלעם־אַלייכעם איז אויך אַן אויסגע־צייכנטער פאָרלייענער".

און אָפּ מאָרגן, נאָכן אָוונט, לייענען מיר אין דער זעלבער צײַטונג:

„באַ אַן איבערגעפולטער אודיטאָריע האָט נעכטן דער באַוווסטער ייִדישער שרײַבער שאָלעם־אַלייכעם געלייענט זײַנע ווערק. דעם פּאָפּולערן שרײַבער האָט מען באַגעגנט און באַגלייט מיט אָוואַציעס.

„דאָס פובליקום, וואָס איז געבליבן אָן בילעטן, האָט באַלאַגערט דעם סאָכרים־קלוב".

די צײַטונג „מינסקי גאָלאָס" פאַרן 21 מײַ האָט געשריבן:

„נעכטן האָט דער פּאָפּולערער ייִדישער שרײַבער־הומאָריסט שאָלעם־אַלייכעם מיט אַן אויסערגעוויינלעכן דערפאָלג פאָרגעלייענט אייניקע פונ זײַנע ווערק אין סאָכרים־קלוב. דער איבערפולטער זאַל האָט באַלוינט דעם שרײַבער נאָך יעדער זײַן איבערגעלייענטער זאַך מיט רוישיקע אַפּלאָדיסמענטן. צום סאָף פונעם אָוונט האָט דאָס פובליקום אײַנגעאָרדנט שאָלעם־אַלייכעמען אַ שטורעמדיקע אָוואַציע".

די „מינסקער צײַטונג" האָט באַגעגנט שאָלעם־אַלייכעמס אָנקום מיט אַ לייטאַרטיקל אונטערן נאָמען: „באָרוכ־האַבאָ" און פאַרענדיקט מיט פאָלגנדיקע ווערטער:

„פול מיט פריידגעפילן באַגעגענען מיר דעם הייס־געליבטן גאַסט, און אין נאָמען פונ דער גאַנצער מינסקער ייִדישער באַפעלקערונג זאָגן מיר: „באָרוכ־האַבאָ!"

דעם 21 מײַ האָט די זעלבע צײַטונג געשריבן:

„נעכטן האָט שאָלעם־אַלייכעם פאָרגעלייענט אין היגן סאָכרים־קלוב אייניקע פונ זײַנע ווערק.

„דער קלוב איז געווען איבערפולט מיט מענטשן, וועלכע האָבן געמאַכט שאָ־לעם־אַלייכעמען שטורעמדיקע אָוואַציעס, ווען ער איז אַרויס אָפּ דער עסטראַדע פאָרלייענען.

„פאָרגעלייענט האָט ער: „באַם דאָקטאָר", „לעכ־לעכאָ" און „אַן אייצע".

„ווען ער האָט געענדיקט לייענען, האָט אים דער גרויסער עולעם ווידער גע־
מאכט לאנגדויערנדיקע אָוואציעס".

אָט דער פריידיקער אופנעם, די הילכיקע אפלאָדיסמענטן, די שטורעמדיקע אָווא־

Д. Д. Д.
МИНСКІЙ
ГУБЕРНАТОРЪ.
по
КАНЦЕЛЯРІИ.
Столъ
1914 г.
г. Минскъ.
№ 119

Минскому Полиціймейстеру.

Поручаю Вашему Высокоблагородію объявить проживающему въ гор. Минскѣ, по Захарьевскому переулку въ д. Шапиро, Боруху Довидову Краснеру, что ходатайство о разрѣшеніи устройства чтенія писателя-юмориста Шоломъ-Алейхема/Ш. Рабиновича на разговорно-еврейскомъ языкѣ въ м. Барановичахъ, оставлено мною безъ удовлетворенія.

При этомъ взыскать съ упомянутаго лица гербоваго сбора по сему дѣлу 1 руб. 50 коп. и таковые внести въ мѣстное Казначейство, для зачисленія въ доходъ казны, о чемъ и донести Минской Казенной Палатѣ.

Сообщ. въ Казен. Палату.

Губернаторъ

Правитель Канцеляріи

ציעס זײַנען דיסקאָנטירט געוואָרן אין קאנצעליאריע פון מינסקער גובערנאטאָר.
און ווען מע האָט זיך געווענדעט אהין אפ צו באקומען א דערלויבעניש אפ נאָך
אן אָוונט, האָט מען באקומען אן אָפּזאָג.

שאָלעם־אלייכעמ האָט פארבראכט אינ מינסק דעמ 20־טנ אונ 21־טנ מײַ, אונ דעמ 22־טנ איז ער שוינ פונ מינסק אוועקגעפאָרנ.

* * *

דעמ 21־טנ מײַ 1914 י. האָט דער אײַנוווינער פונ שטעטל דאווידגאָראָדאָק, דער געהילפ־נאטשאלניק פונ דאווידגאָראָדאָקער פרײַוויליקער פײַערלעשער־געזעל־שאפט מ. רימאר, זיכ געווענדעט צומ מינסקער גובערנאטאָר מיט פאָלגנדיקער ביטע:

„איכ האָב די ערע אונטערטעניקסט צו בעטנ אײַער עקסעלענצ דערלויבנ אינ שטעטל דאווידגאָראָדאָק שטעלנ א ספעקטאקל אפ דער יידישער שפראכ (א בילד פונ יידישנ לעבנ אינ 3 אקטנ, פארפאסט פונ שאָלעם־אלייכעמ, אונטערנ טיטל: „צעזייט אונ צעשפרייט“). די אײַנאמע פונ ספעקטאקל, אראָפגערעכנט די הויצאָעס אפ אָרגאניזירנ דעמ ספעקטאקל, איז באשטימט צו גונסטנ דער דאווידגאָראָדאָקער פרײַוויליקער פײַערלעשער־געזעלשאפט. דער ספעקטאקל וועט געגעבנ ווערנ דורכ ליב־האָבער, אײַנוווינער פונ שטעטל דאווידגאָראָדאָק.

„די פראָגראמ פונ ספעקטאקל דעמ 25־טנ יונ ווערט דערבײַ בײַגעלייגט“.

דער גובערנאטאָר האָט ניט דערלויבט צו שטעלנ שאָלעמ־אלייכעמס פיעסע „צע־זייט אונ צעשפרייט“ אונ דער ספעקטאקל איז ניט פאָרגעקומענ.

אָט דער דאָזיקער פארבאָט, ווי אויכ דאָס ניט געבנ א דערלויבעניש שאָלעמ־אלייכעמענ צו לייענענ דעמ 30 מײַ 1914 יאָר אינ מינסק זײַנע ווערק: „דער בערדי־טשעווער סראמוטנײַ“, „מיר איז גוט, איכ בינ א יאָסעמ“, „טעוויע דער מילכיקער“ אונ אנדערע זאכנ, איבערצײַגנ אונדז, אז דער צאריזמ האָט מוירע געהאט פאר שאָ־לעמ־אלייכעמענ, וועמעס אָוונטנ עס זײַנענ פאָשעט באלאגערט געוואָרנ, אונ די זאלנ זײַנענ ניט געווענ אימשטאנד ארײַנצונעמענ אינ איינ אָוונט אלע די, וואָס האָבנ אימ געוואָלט הערנ אונ זענ.

די ארבעטנדיקע מאסנ האָבנ אופגענומענ יעדנ וואָרט שאָלעמ־אלייכעמס מיט אפלאָדיסמענטנ אונ אָוואציעס.

---

# ביבליאָגראַפיע

**אי. קיפניס**

„א קײַלעכיק יאָר“ מעלוכע־פארלאג „עמעס“ 1938

„ציפ, ציפ, באָבינקע“ אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג 1938

„יונג און אלט“ קינדער־פארלאג באמ צ. ק. ל. ק. י. פ. או. 1938

שוינ פונ דעמ אלײנ וואָס עס קומט אויס צו שרײַבנ וועגנ דרײַ ביכלעכ מיט־אמאָל פונעמ זעלבנ שרײַבער, ארויסגעגעבנ אינעמ זעלבנ יאָר, איז צו זענ, אז דער דאָזיקער שרײַבער איז זײער א פראָדוקטיווער. אויסער דעמ, וויסנ מיר נאָכ, אז קיפניס פארפעלט ניט צו דרוקנ אינ צײַטונגענ און אינ זשורנאלנ זײַנע קלײנע דערצײלונגענ און אויסצוגנ פונ באדײַטנדיק גרעסערע ווערק גאנצ רעגלמעסיק.

אי. קיפניס איז אנ אײגנארטיקער טאלאנטפולער שרײַבער און אויכ א פאר־שײדנארטיקער; פארשײדנארטיק לויטנ זשאנר, טעמאטיק און אויכ לויט דער קוואַליטעט. דאָס איז צו זענ פונ די אויבנאָנגעוויזענע דרײַ ביכלעכ.

אלע דרײַ ביכלעכ צוזאמענ (ביכלעכ פאר קינדער) שטעלנ פאָר מיט זיכ, ווי מענ וואָלט זיכ געקאָנט אויסדריקנ, א מינ „קאָלבוינִיק“. דאָרט זײַנענ פאראנ מײַסעלעכ פאר גרעסערע און קלענערע קינדער און אויכ פאר דערוואקסענע—„פונ סניטקעווע קײנ גרינשפּאָליע“, „א דאנק מיט א זײגער“, פאנטאסטיש־פארטראכטע—„פריילינג“, „קירבעסל און קאָונדל“, באארבעטע פאָלקס־מײַסעלעכ און מײַסעלעכ איבערדערצײלטע—„דאָס קעצעלע וואָס האָט פארגעסנ ווי מענ בעט עסנ“, „טאַטעשי, טאטעשי, זיצ ניט אזוי“, „פיר באבעלעכ“. מײַסעלעכ־לידער—„מוישע מיט דער גרויסער דײַזשקע“, „מאלאניע“. מײַסעלעכ־אָטשערקנ—„אינ זאָאָלאָגישנ גאָרטנ“ און וועגנ קינדער אינ קאפיטאליסטישנ אויסלאנד—„דער ערשטער טראָט“. אפ די אלע מײַסעלעכ פלאטערט דער כײנ פונ קיפניסעס ארט שרײַבנ—זײַנ אײגנארטיקער קינסטלערישער צוגאנג צו קינדער, זאכנ און געשעענישנ.

קיפניס זוכט ניט קײנ אינטריגע, קײנ סיוזשעט (עמעס, ניט אלעמאָל באקומט זיכ עפּעס אָנ אנ אינטריגע, אָנ א סיוזשעט אפילע בא אימ). ער באשרײַבט דאָס לעבנ, דאָס איז זײַנ הויפּט־טעמע, ער האָט ליב די זאכנ, וועגנ וועלכע ער שרײַבט און ער שרײַבט וועגנ זײ זײער וואַרעמ.

„א שײנער ווינטער“ די גאנצע אינטריגע פונ דעמ מײַסעלע איז, ווי מישקע האָט פארלאָרנ אינ שנײ דאָס רענצל מיט די ביכער און זײַנ הינטל קנאָפּאָטשקע

האָט עס געפונענ אונ עס אים צוריק געבראַכט. נאָר געשריבנ איז דאָס מײַסעלע לײַכט, מיט אַזאַ ליבשאַפט צו די קינדער וואָס שפּילנ זיכ, צום גוטנ ווינטערדיקנ דרויסנ, צום פרישנ שניי, אַז ס׳איז אַ פאַרגעניגנ צו לייענענ.

„איינמאָל, באַם אָנבײַסנ, רופט זיכ אָנ די מאַמע—הײַנט איז אַזאַ שיינער ווינטער אויסגעפאַלנ, מאַמעש אַ מעכײַע.

— אַנ אַנטיק אַ ווינטער—האָט איר דער טאַטע געענטפערט.

דערנאָכ גייט מישקע אינ דרויסנ, ער גייט אונ דער שניי גייט. מישקע שטעקט אַרויס די צונג אונ נעמט אַפ איר אַרופ עטלעכע פאַלנדיקע שנייעלעכ אונ פּילט דעמ טאַמ פונ עמעסער געשמאַקער „מאָראָזשענע“. אונ אַלצ וואָס ווערט דאָרט אינ מײַסעלע ווײַטער דערציילט שמעקט שוינ מיט פרישנ, שיינעמ, געשמאַקנ ווינטער, מיט אַ ווייכינקע שנייעלע, אונ אַז מישקע לויפט נאָכדעמ אַרײַנ אינ שטוב זוכנ דער מאַמענ, ער מוז איר דערציילנ וואָס פאַר אַ שיינער ווינטער ס׳איז הײַנט, גלויבט איר אימ, איר אַליינ וואָלט גאָר אַנדערש ניט געקאָנט, ס׳איז טאַקע אַ שיינער ווינטער.

ניט אַלע מײַסעלעכ אָבער פונ דעמ מינ (אָנ אַ סיפּערהאַמײַסע) זײַנענ גלײַכ אינטערעסאַנט, טייל מאַכנ מיד אונ לאָזנ נאָכדעמ ווינציק וואָס איבער—„וואָס גערעדט אונ וואָס געמיינט“ (דרײַ קליינע מײַסעלעכ—כאָכמעס) „אַ גאָרטנ בעשוטפעס“.

„די מומע מייטע“ איז אַ אינטערעסאַנט מײַסעלע, אָבער דער פאַרטראַכט איז ניט קיינ אָריגינעלער, דאָס איז גענומענ פונ בר. גרימס „די זיסע קאַשע“.

איינע פונ די פרייל...עכסטע, שפּילעוודיקסטע מײַסעלעכ איז „פונ סניטקעווע קיינ גרינשפּוליע“, ס׳איז אינטערעסאַנט סײַ פאַר קינדער, סײַ פאַר דערוואַקסענע.

אַ באַזונדער ווערט האָט דאָס מײַסעלע „די גאַס פונ די כיינעוודיקע קרעלנ-צווישערס“, כוצ דעמ, וואָס דאָס איז שיינ אָנגעשריבנ, מיט אַ פײַנער שפּראַכ, איז עס נאָכ גאָר סאָוועטיש-נײַ.

„אַפ-אַ קנייטש פונעמ ווינטס קלייד האָט זיכ אופגעזעצט אַ הויפנ בלומענ-זוימענ אונ זיכ אוועקגעלאָזט אויסקוקנ אַ פּלאַצ אַפ זיכ אײַנפלאַנצנ אונ לאָזנ וואַקסנ פונ זיכ בלומענ“.

אינ אַ געשפּרעכ מיט אַ פייגעלע דערציילנ די בלומענ-זוימענ, אַז זייער וועג ציט אַפ באַראַנאָווער גאַס, זיבנ.

די בלומענ האָבנ זיכ דאָרט אײַנגעפלאַנצט, דערנאָכ זײַנענ געקומענ קינדער אונ זיי אַרומגעצוימט, מע זאָל זיי ניט צעטרעטנ. פונ די עטלעכע בלימעלעכ קומט אוף די אידייע צו פאַרזייענ ביימלעכ, אונ דער הויפ, וואָס איז פריִער געווענ שמוציק, ווערט פאַרוואַנדלט אינ אַ גאָרטנ, אונ ניט נאָר דער הויפ, אַלע הויפנ, די גאַנצע גאַס אונ ניט נאָר מיט בלומענ פאַרפוצט זיכ די גאַס, נאָר בא אַלע הײַזער וואַקסנ אויס טויבנ-שלאַקנ, שטיבעלעכ פאַר שטאַרנ, שוואַלבנ-נעסטנ.

„אונ דער שטאָט-ראַט האָט אַפ אַ באַזונדער זיצונג באַשלאָסנ די באַראַנאָווער גאַס אָנצורופנ „די גאַס פונ די כיינעוודיקע קרעלנ-צווישערס“.

אינ די איבערדערציילטע מײַסעלעכ נוצט אויס קיפּניס אַפ אַ קינסטלערישנ אויפנ דעמ אוקראַיִנישנ פאָלקלאָר—„טאַטעשי, טאַטעשי, זיצ ניט אַזוי“ אונ „אינ קאָלווירט“ (איבערגעדיכטעט, אָדער איבערגעמאַכט, ווי קיפּניס רופט עס אָנ).

דאָס שוואכסטע פון די אַלע דרײַ ביכלעך איז דאָס ביכל „א קײלעכיק יאָר“. מיטן אויסנאם פון דעם מײַסעלע „א שײנער ווינטער“ זײַנען די איבעריקע מײַסעלעך ווײניקער אינטערעסאנט.

אי. קיפּניס איז א גוטער פּראָזאיִקער, זײער א טאַלאַנטפולער קינדער־שרײַבער, גוטע מײַסעלעך זײַנען אין די דרײַ ביכלעך פאראנען אין א היפּשער צאָל, לײענען זיך מיט גרויס פארגעניגן און ס׳איז נאָר א שאָד וואָס ער לאָזט די שוואַכערע זאכן ארויסגעבן אין א באזונדער אויסגאבע.

א. פ.

---

# אינהאלט

זײַט



---



רעדקאָלעגיע.

דרוקערײַ א.נ. סטאלינ. $6^3/_4$ דרוק-בויגנ. באשטעלונג 170. גלאווליטבעל 140 Ш

## З М Е С Т

פרייז 1 ר. 50 ק.

# ШТЭРН
## (ЗОРКА)

Літаратурна-мастацкі
і палітычна-навуковы
часопіс

ВЫДАННЕ
„Окцябр“
Менск, Рэволюц. вул., 2.